# פארלאמענטארישע
# רולס



אַרויסגעגעבען פון

## דער נאציאנאלער עסזעקוטיוו
## קאמיטע פון א. ר.



ניו־יאָרק, 1916.

277

# ערשטער קאפיטעל.

## דער געוועהנליכער ביזנעס מיטינג.

יעדע אָרגאַניזאַציאָן האָט אַ פּונקט אין איהר קאָנסטיטושאָן, דאָס די מעמבערס דאַרפֿען זיך פערזאַמלען פון צייט צו צייט און אָפּהאַלטען מיטינגען. מאַנכע אָרגאַניזאַציאָנען מיטען יעדע וואָך, מאַנכע יעדע צוויי וואָכען, מאַנכע יעדען מאָנאַט און זאָ ווייטער. די קאָנסטיטושאָן בעשטימט אויך געווינליך די טעג, ווען די מיטינגען זאָלען אָפּגעהאַלטען ווערען. דער פּלאַטץ און די שטונדע ווערען בעשלאָסען ענטוועדער פון די בעאַמטע, פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע, אָדער פון די מעמבערס ביי אַ פּאָריגען מיטינג.

דיעזע מיטינגען, וואס ווערען רעגעלמעסיג צו בעשפּרעכען און פערהאַנדלען די אַנגעלעגענהייטען פון דער אָרגאַניזאַציאָן, רופען זיך „ביזנעס מיטינגען“.

## דער קוואָרום.

1) אַ ביזנעס מיטינג טאָר ניט אָפּגעהאַלטען ווערען סיידען עס זיינען אנוועזענד אַ

געוויסע צאָהל מעמבערס, אויף פּאַרלאַמענטאַ־
רישע שפּראַך רופט מען דיעזע צאָהל אַ „קוואָ־
רום. וויפיעל מעמבערס זיינען נויטהיג פאר
א „קוואָרום“־ דארויף איז ניטאָ קיין בע־
שטימטער ענטפער. יעדע אָרגאַניזאַציאָן האָט
דאָס רעכט צו בעשטימען פאַר זיך ווי גרויס
איהר „קוואָרום“ זאָל זיין. מאנכע אָרגאני־
זאציאָנען פאָדערען א „קוואָרום“ פון א
דריטעל פון אַלע זייערע מעמבערס. מאַנכע
פון אַ פיערטעל. מאַנכע קליינע אָרגאַניזאַ־
ציאנען בענוגענען זיך מיט א „קוואָרום“
פון זיעבען מעמבערס. אבער ווי גרויס אדער
קליין דער בעשטימטער „קוואָרום“ פון דער
געוויסער אָרגאַניזאַציאָן איז, מוז ער אנווע־
זענד זיין די גאַנצע צייט וואָס דער מיטינג
געהט אָן. ווען דער טשערמאַן באַפּט זיך אין
מיטען מיטינג אַז אין צימער געפינען זיך
ווייניגער מעמבערס ווי דער "קוואָרום", מוז
ער דעם מיטינג גלייך שליסען.

## ווער עס עפענט דעם מיטינג.

2) ווען די מיטינג שטונדע קומט אָן
און אין צימער איז דאָ א קוואָרום געהט
אַרויף דער רעקאָרדינג סעקרעטער אויף דער
פּלאַטפאָרמע און ערקלעהרט, אַז דער מיטינג
עפענט זיך, און ער הייסט די מעמבערס נאָ־

מיניִרען אַ טשערמאַן. ער שרייבט אַרונטער די נעמען פון אַלע קאַנדידאַטען, און דאָ רופט ער אויס יעדען נאָמען בעזונדער, און די מעמבערס וואוטען צי ער זאָל זיין טשער־מאַן, צי ניט. דער קאַנדיאַט וואָס בעקומט די גרעסטע צאָהל שטימען, ווערט פון דעם סעקרעטער איינגעלאַדען צו פערגעהמען דעם טשער. און דאַן ערקלערט דער טשערמאַן, אַז דער „מיטינג איז אין אָרדער", דאָס הייסט אַז מען קען שוין אָנפאַנגען פערהאַנדלען די געשעפטען פון דער אָרגאַניזאַציאָן.

מאַנכע אָרגאַניזאַציאָנען האָבען אַ שטענ־דיגען טשערמאַן, דאָס הייסט זיי ערוועהלען אַ טשערמאַן איין מאָל פאַר אַ האַלב אָדער פאַר אַ גאַנצען יאָהר. אין אַזוינע אָרגאַני־זאַציאָנען ווערט דער מיטינג גלייך אויפגע־עפענט פון דעם טשערמאַן, און מען פערשפּאָרט דאָרטען די הקדמה פון דעם רעקאָרדינג סעק־רעטער.

מאַנכע אָרגאַניזאַציאָנען ערוועהלען אויך אַ וויִיס־טשערמאַן. דאָס ווערט געטהאָן גלייך נאָכדעם ווי דער טשערמאַן פאַרנעהמט זיין טשער און רופט דעם מיטנג צו אָרדער. אַנ־דערע אָרגאַניזאַציאָנען בעגעהן זיך אָהן אַ וויִיס־טשערמאַן. (די מעלות און חסרונות

פון האָבען אַ שטענדיגען טשערמאַן, און די פראַגע וועגען די נויטווענדיגקייט פון אַ וויס־טשערמאַן, וועלען בעשפּראָכען ווערען אין אַ וויטערדיגען קאַפּיטעל).

## אָרדער אָוו ביזנעס.

3) דער טשערמאַן מוז די ערשטע זאַך פאָרלעזען דעם „אָרדער אָוו ביזנעס", דאָס הייסט די פּונקטען, וועלכע דער מיטינג וועט פערהאַנדלען, און די אָרדנונג אין וועלכע זיי וועלען פערהאַנדעלט ווערען. דיעזער „אָרדער אָוו ביזנעס" ווערט נאָך פאַר'ן מיטינג צוגעגרייט פון סעקרעטער; דער סעקרעטער האַלט דאָך די בעריכטען פון אַלע פאָריגע מיטינגען און פיהרט די געשעפטען פון דער אָרגאַניזאַציאָן, דאַרום ווייס ער געוועהנליך בעסער ווי די אַנדערע וואָס פאַר אַ פראַגען עס דאַרפען פערהאַנדעלט ווערען.

די מעמבערס האָבען אָבער דאָס רעכט צו מאַכען פאָרשלעגע וועגען ענדערען דעם אָרדער אָוו ביזנעס, צושטעלען געוויסע פּונקטען, אַראָפּנעהמען געוויסע פּונקטען אָדער איבערשטעלען די פּונקטען אין אַן אַנדער אָרדנונג, דאָס ווערט געטהאָן אויפ'ן געוועהנליכען שטייגער. איין מעמבער מאַכט אַ פאָרשלאַג, אַ צווייטער אונטערשטיצט איהם, און נאָך אַ

דיסקוסיאָן ווערט די פראַגע גענומען צום אָפּשטימונג.

דער געוויינליכער „אָרדער אָוו ביזנעס" פון אַ מיטינג איז ווי פאָלגט:

1. די פאָרלעזונג פון דעם פּראָטאָקאָל פון דעם פאָריגען מיטינג.

קיינער טאָר ניט אונטערברעכען ווען דער פּראָטאָקאָל ווערט פארגעלעזען. ווען דער סעקרעטער ענדיגט, פרעגט דער טשערמאַן ביי די מעמבערס, צי זיי האָבען אירגענד וועלכע קאָרעקשאָן צו מאַכען. יעדער מעמבער קען זיך דאַן אויפשטעלען און מאַכען איינעם פון צוויי פאָרשלעגע, ענטוועדער אַז דער פּראָטאָקאָל זאָל גוטגעהייסען ווערען, אָדער אַז אַ געוויסער פּונקט זאָל געענדערט אָדער אויסגעמעקט ווערען. קיינע אַנדערע פאָרשלעגע וועגען פּראָטאָקאָל טאָר מען ניט מאַכען. אויב אַ פאָרשלאַג אויסצובעסרען איין פּונקט אָדער מעהר פּונקטען ווערט געמאַכט, דאַרף ער פערהאַנדעלט ווערען אויף דעם געוועהנליכען אופן. ווען מען ווערט מיט איהם פאַרטיג, דאַרף אימעצער מאַכען אַ פאָרשלאַג, אַז דער פּראָטאָקאָל זאָל גוטגעהייסען ווערען מיט די קאָרעקשאָנס (אויב די קאָרעקשאָנס זיינען אָנגענומען געוואָרען).

2. פאָרלעזונג פון צושריפטען און פון בילס.

מאַנכע אָרגאַניזאַציאָנען פערהאַנדלען גלייך יעדען צושריפט און ביל, אַנדערע הע־רען זיי אוים בלויז און ליגען זיי אָפּ פאַר פערהאַנדלונג אויף שפּעטער, אונטער נ י י ע ב י ז נ ע ס.

3. פערהאַנדלונג פון פראַגען וואָס מען האָט ביים פאָריגען מיטינג אָנגעפאַנגען און ניט געענדיגט. (דער סעקרעטער צייכענט אָן וועלכע פראַגען).

4. נייע פראַגען. (דער סעקרעטער צייכענט אויך אָן וואָס דיעזע פראַגען זיינען.

5. אין מאַנכע אָרגאַניזאַציאָנען גיט דער פינאַנס סעקרעטער אָפּ אַ בעריכט ביי יעדען מיטינג.

6. צום וואָהל און בעסטען. ביי דיעזען פונקט קען יעדער מעמבער נעהמען דאָס וואָרט און ריידען וועגען אירגענד וועלכע זאַך, וואָס איז נאָך זיין מיינונג גוט פאַר דער אָרגאַניזאַציאָן. ער דאַרף זאָגאַר קיין פאָרשלאַג ניט מאַכען. ער קען זיך אַזוי האַלטען א רעדע אויב זיינע רייד האָבען נאָר אַ שייכות צו דער אָרגאַניזאַציאָן.

ווי אזוי קאָמיטעס ווערען אויפגענומען.

4) ווען אַן אויסדיידיגע קאָמיטעט ווענ־דעט זיך צו אַ מיטינג און וויל עפּעס פאַר איהר פאָרלייגען, דאַרף דער מיטינג בעשלי־סען צי מען זאָל איהר צולאָזען, צי ניט. דער טשערמאַן קען צו יעדער צייט אָנזאָגען די מעמבערס, אַז אַזאַ און אַזאַ קאָמיטע גע־פינט זיך אין האָלל און וויל אַריינקומען. דער מיטינג בעשליסט דאַן, צי איהר צולאָזען גלייך, צי שפּעטער, צי גאָר־ניט.

נאָכדעם ווי די קאָמיטע לייגט פאָר איהר פערלאַנג, בעשליסט אויך דער מיטינג וואָס צו טהאָן וועגען דעם, צי פערהאַנדלען די פראַגע גלייך, צי אָפּלייגען איהר, צי איהר אין גאַנצען פערוואַרפען.

## ווי אזוי ווערען פראגען פערהאנדעלט ביי א ביזנעס מיטינג?

די פאָלגענדע מעטהאָדע איז אָנגענומען אין אלע ציוויליזירטע געזעלשאפטען. דאס רופט זיך דער פארלאמענטאַרישער וועג.

איין מעמבער שטעלט זיך אויף און בעט דאָס וואָרט. אויב דער טשערמאַן גיט איהם דאָס וואָרט מעג ער טהאָן בלויז איין זאַך — מאַכען אַ פאָרשלאַג. ער מוז עס טהאָן אָהן

שום הקדמות און אָהן שום ערקלעהרונגען. ער מוז פּאָרלייגען דעם טרוקענעם פּאָרשלאַג.

דאַן זאָגט דער טשערמאַן איבער דיעזען פּאָרשלאג און פרעגט צי עס איז דאָ אַ צווייטער מעמבער וועלכער אונטערשטיצט איהם. אויב קיינער ענטפערט ניט, איז דער פּאָרשלאַג טויט. קיינער טאָר וועגען איהם מעהר קיין וואָרט ניט זאָגען. אויב אַ מעמבער אונטערשטיצט איהם, קריגט דער ערשטער מעמבער, דער וואָס האָט דעם פּאָרשלאַג געמאַכט, דאָס רעכט צו ערקלערען זיין פּאָרשלאַג און צו געבען אורזאַכען פאַרוואָס ער האָט איהם געמאַכט. ווען ער ענדיגט, ערקלערט דער טשערמאַן, אַז אַלע מעמבערס קענען דעם פּאָרשלאַג דיסקוטירען. יעדער מעג דאַן בעטען דאָס וואָרט און ריידען פאַר אָדער געגען דעם פּאָרשלאַג.

ווען די דיסקוסיאָן ענדיגט זיך, לייענט דער סעקרעטער פאָר דעם פּאָרשלאַג נאָך אַמאָל, און די מעמבערס וואוטען פאַר און געגען איהם. די געוועהנליכע מעטהאָדע פון שטימען איז דורך אַן אויסגעשריי. דער טשערמאַן זאָגט: „אַלע די וואָס זיינען פאַר דעם פּאָרשלאַג זאָלען מיט יא בעאַנטוואָרטען“, און אַלע וואָס זיינען דאַפיר שרייעס אויס: „יאַ“.

דאַן זאָגט דער טשערמאַן: „אַלע די וואָס זיי־נען געגען דעם פאָרשלאַג, זאָלען מיט נײן בעאַנטוואָרטען". און די געגנער שרייען אויס: „נײן"! פון די געשרייען אורטיילט דער טשערמאַן וועלכער צד עס האָט געהאַט מעהר שטימען.

אויב איהם איז שווער פון די אויסרופען צו בעשטימען אויף זיכער, וואו די מעהר־צאָהל איז געווען, הייסט ער פריהער איין צד אויפהויבען די הענד, און ער צעהלט זיי איבער, דאַן הייסט ער דעם צווייטען צד אויפהויבען די הענד און צעהלט זיי אי־בער.

6) צו שליסען אַ מיטינג איז אַ טהייל פון די ביזנעס פון מיטינג, און דאָס מוז געטהאָן ווערן אין דעם זעלבען וועג ווי די אַנדערע ביזנעס פערהאַנדלונגען פון מיטינג ווערען געטהאָן. אַ מעמבער מוז נעהמען דאָס וואָרט און מאַכען אַ פאָרשלאַג צו שליסען דעם מיטינג. אַ צווייטער מעמבער מוז דעם פאָרשלאַג אונטערשטיצען, און דער טשערמאַן מוז איהם פאָרלייגען פאַר אָפּשטימונג. קיין דעבאַטען קען וועגען דעם ניט זיין. אויב מען טהוט עס ניט אויף דיעזען אופן, איז דער מיטינג געזעצליך ניט געשלאָסען.

## קאפיטעל צוויי.

### דער פאָרשלאג („מאָשען“).

קיין פראַגע קען ניט פערהאַנדעלט ווערען ביי אַ מיטינג סיידען זי ווערט פאָרגעלייגט אין דער פאָרמע פון אַ „מאָשען“. אַ „מאָשען“ ווערט געמאַכט אויפ'ן פאָלגענדען שטייגער: דער מעמבער שטעלט זיך אויף פון זיין פלאַטץ און רופט אויס: „מר. טשערמאַן“! דער טשערמאַן ענטפערט דאַרויף מיט אויסרופען דעם נאָמען פון דעם מעמבער. דאַן ערקלערט דער מעמבער וואָס ער וויל פאָרשלאָגען, דאָס הייסט וואָס זיין „מאָשען“ איז.

כל זמן דער טשערמאַן רופט זיך ניט אָפּ אויף דעם מעמבערס ערשטען אויסרוף „מר. טשערמאַן“, טאָר דער מעמבער קיין פאָרשלאַג ניט מאַכען, ווייל כל זמן דער טשערמאַן אַנערקענט איהם ניט, הייסט עס, אַז דער מעמבער האָט ניט דאָס וואָרט, און וואָס ער רעדט ווערט ניט אַנערקענט. דער טשערמאַן מוז אָבער זיך אָפּרופען, סיידען ער האָט אַ געזעצליכען גרונד דאָס ניט צו טהאָן.

נאָכדעם ווי דער „מאָשען“ ווערט געמאַכט,

פרעגט דער טשערמאַן צי אימעצער אונטער־שטיצט איהם (סעקאָנדס"). אויב קיינער רופט זיך ניט אָפּ, איז דער „מאָשען" טויט, קיינער טאָר וועגען איהם מעהר ניט רעדען. אויב אָבער ער ווערט פון איינעם אונטער־שטיצט, דאַן לעגט דער טשערמאַן פאָר דעם „מאָשען", און ער זאָגט אָן די מעמבערס, דאָס אַזוי ווי דער „מאָשען" איז אונטער־שטיצט געוואָרען, ווערט עס פאָרגענומען פאר דיסקוסיאָן, דאָס הייסט אַלע מעמבערס מע־גען וועגן איהם דעבאַטירען.

## די דעבאַטע איבער אַ פאָרשלאַג.

אין אַלע אָרגאַניזאַציאָנען ביי די אומות העולם פיהרט זיך, אַז ווען אַ פראַגע ווערט דעבאַטירט, בעטען די מעמבערס וואָס ווילען זיך אין דער דעבאַטע בעטהייליגען, דאָס וואָרט איינציגווייז. ווען איין מעמבער ענ־דיגט רעדען שטעלט זיך אויף אַ צווייטער און בעט דאָס וואָרט, און ווען ער ענדיגט, שטעלט זיך אויף אַ דריטער, און זאָ ווייטער. אויב צוויי אָדער מעהר מעמבערס בעטען דאָס וואָרט מיט אַמאָל, דאַן גיט דער טשערמאַן דאָס וואָרט צו דעם יעניגען וועמען ער האָט

פריהער געהערט אויסשרייען „מר. טשער־מאַן"!

עס פּאַסירט אַמאָל נאַטירליך, דאָס דער טשערמאַן ווייזט אַרויס פּאַרטייליכקייט און גיט דאָס וואָרט פריהער צו אַזאַ וואָס האָט שפּעטער געבעטען. אין אַזאַ פאַל קען דער מעמבער פּראָטעסטירען און פאָרלייגען די פראַגע פאַר דעם מיטינג. ער קען פאָדערען דאָס דער מיטינג זאָל ענטשיידען, ווער עס האָט פריהער געפאָדערט דעם וואָרט. און דער מיטינג שטימט וועגען דעם.

אין די אידישע אָרגאַניזאַציאָנען איז איינגעפיהרט געוואָרען א סיסטעם, וואס ער־געץ זעהט מען דאס ניט — א סיסטעם פון פערשרייבען נעמען. גלייך ווי אַ מאָשען ווערט פאָרגעלייגט, דערלאַנגען זיך אַ לאָז מעמבערס צום טשערמאַן מיט אַ טומעל, אָדער זיי הויבען אָן שרייען צום פערשרייבען זייערע נעמען. עס ווערט אַ טומעל, אַ געשריי, אַ געפּילדער. נעמען ווערען אויסגעלאָזען, איינער ווערט פערשריבען פיעל שפּעטער ווי ער האָט געדאַרפט פערשריעבן ווערען. מען ריַזט פאַר די נעמען, און עס ווערט אַ גע־שריי, אַז מען האָט יענעם אויסגעלאָזען, אָדער דעם פערשריבען צו־נאָהענט אָדער צו־

וויט. עס געדוועדט אַמאָל אַ היבשע צייט איידער די „ליסטע“ ווערט ענדיליך איינגע־אָרדערט.

דיעזער „סיסטעם“ איז זעהר א שלעכטער. קיינער געווינט גאָר ניט דערביי און אַלע פערלירען, זיי פאַרלירען אומזיסטע צייט. דאָס גיט אויך אַ געלעגענהייט דעם טשערמאַן צו אַראַנזשירען די נעמען פון די דעבאַטאַנ־טען ווי עס פּאַסט בעסער פאַר איהם.

די מעטהאָדע פון די אַמעריקאַנער אָרגאַ־ניזאציאנען איז א פיעל בעסערע אין אלע הינ־זיכטען. קיין רול איז נאַטירליך וועגען דעם ניטאָ. אָבער עס איז ראַטהזאַם די ליסטעס אָפּצושאַפען.

די דעבאַטע קען זיך ציהען ביז וואַנען יעדערער וואָס וויל נאָר דאָס וואָרט האָט גע־ענדיגט רעדען. זי קען אָבער אָפּגעהאַקט ווערען דורך איינעם פון דריי פאָרשלעגע.

ווען מען נעהמט שוין ליסטעס, דאַרף עס טהאָן דער טשערמאַן. די מעמבערס מוזען וואַרטען מיט פערשרייבען זיך צום „וואָרט“, ביז וואַנען דער וואָס מאַכט דעם פאָרשלאַג ענדיגט ריידען און זעצט זיך אַנידער.

איינער וואָס קריגט דאָס וואָרט אין דער דעבאַטע מוז, אנשטאַט צו ריידען איבער דער

פראַגע, פּאָרשלאָגען איינע פון דריי זאַכען: 1) אז די דעבאטע זאָל זיך ענדיגען, 2) אז דער גאַנצער פּאָרשלאַג זאָל „געטייבעלט" ווע־רען, דאָס הייסט מען זאָל איבערלאָזען די גאַנצע זאַך אויף אַן אַנדעריש מאָל, 3) אַז מען זאָל די פראַגע איבערגעבען צו אַ קאָמי־טע, וועלכע זאָל איהר בעטראַכטען און אַרויס־בּראָגען איבער איהר אַ בעריכט.

דער וואס מאכט איינעם פון די דריי פּאָרשלעגע טאָר ניט וועגען דעם אָריגינעלען פּאָרשלאַג און ניט וועגען זיין אייגענעם פּאָר־שלאַג אַ וואָרט ריידען, ער מוז בלויז מאַכען איין פּאָרשלאַג און זיך זעצען.

דיעזע דריי פּאָרשלעגע טאָרען פון קיינעם ניט דעבאטירט ווערען. גלייך ווי א מעמבער מאַכט איינעם פון די פּאָרשלעגע, מוז דער טשערמאַן איהם פּאָרליגען פאַר די מעמ־בערס און איהם נעהמען צום אָפּשטימונג. אויב די מעמבערס שטימען דאַפיר, דאַן איז די דעבאַטע איבער אָריגינעלען פּאָרשלאַג גע־ענדיגט. אויב די מעמבערס וואוטען דאַגעגען, דאַן געהט מען וויטער אָן מיט דער דעבאַטע איבער'ן אָריגינעלען פּאָרשלאַג.

## ווער מעג מאַכען אַ פאָרשלאַג צו שליסען די דעבאַטע.

בלויז דער וואָס קריגט געזעצליך דאָס וואָרט צו רײדען איבער דעם „מאָשען“, קען זיך מיט זײן וואָרט בענוצען צו מאַכען אַ פאָרשלאַג די דעבאַטע צו שליסען און צו נעהמען דעם אָריגינעלען „מאָשען“ צו אָב־שטימונג.

ביי מאַנכע מיטינגען אין אידישע אָרגאַ־ניזאַציאָנען פיהרט זיך, אַז יעדערער קען פּלוצלונג אויפשפּרינגען און אויסשרייען: „איך שלאָג פאָר שלוס דער דעבאַטע“. דאָס טאָר ניט געטהאָן ווערען. אַזאַ מין פאָרשלאַג טאָר גאָר ניט פערהאַנדעלט ווערען. דער געזעץ איז דאָס איידער איינער רעדט אוים אירגענד וועלכען וואָרט ביי אַ מיטינג מוז ער פריהער קריגען דאָס וואָרט פון טשערמאַן. נאָכדעם ווי ער קריגט דעם וואָרט קען ער ערשט זאָגען וואָס ער האָט צו זאָגען. ווי מיר האָבען שוין בעמערקט, האָט יעדערער, וועלכער קריגט אַ וואָרט אין אַ דעבאַטע, דאָס רעכט אנשטאט צו דעבאַטירען, צו מאַכען אַ פאָרשלאַג די דעבאַטע צו שליסען.

ווי מיר האָבען שוין אויבען אָנגעוויזען, מוז דיעזער פאָרשלאַג גלייך גענומען צו ווע־

רען צו אָפּשטימונג, אָהן שום דעבאַטען. דער שטרענגער פּאַרלאַמענטאַרישער געזעץ לויטעט, דאָס אַ פאָרשלאַג צו שליסען דעבאַטען קען אָנגענומען ווערען ערשט דאַן ווען צוויי דריטעל פון די אנוועזנדע שטימען פאַר איהם. די אורזאַכע דערפון איז דאָס ביי אונז זיינען די דעבאַטען איבער פאָרשלעגע אין אַל־געמיין צו לאַנגע. ביי אידישע מיטינגען דעבאַטירט מען צופיעל, און ווען מען זאָל דאַרפען וואַרטען ביז וואַכען צוויי דריטעל פון דעם עולם וועלען איינוויליגען צו שלי־סען אַ דעבאַטע וואָלט מען קיין מאָל ניט פאַרטיג געוואָרען.

## אַמענדמענטס צו אַ „פאָרשלאַג“.

יעדער מעמבער האָט דאָס רעכט צו מאַ־כען אַן אמענדמענט צו דעם „מאָשען“ וואָס ווערט דעבאַטירט. אַן „אַמענדמענט“ הייסט אַן „אויסבעסערונג“. ווען דער פאָרשלאַג, צום ביישפיעל, איז דאָס די אָרגאַניזאַציאָן זאָל שענקען 50־ דאָלאַר צו העלפען אַ געווי־סען סטרייק, קען איינער מאַכען אַן אַמענד־מענט, אַז די סומע זאָל זיין ענטוועדער אַ קלענערע אָדער אַ גרעסערע. נאָך דער מיי־נונג פון דעם אַמענדמענט־מאַכער איז בעסער

צו געבען זיין סומע ווי די פאָרגעשלאָגענע סומע.

דער אמענדמענט טאָר אָבער ניט אויסשליסען דעם אָריגינעלען פאָרשלאַג. ווען צום ביישפּיעל איינער שלאָגט פאָר, אַז מען זאָל העלפען סטרייקערס מיט געלד, קען זיך אַ צווייטער ניט אַרויסשטעלען און זאָגען: „איך מאַך אַן אַמענדמענט, אַז מען זאָל די סטרייקערס העלפען מיט אַ סימפּאַטיע רעזאָלוציאָן“. דאָס איז ניט קיין אַמענדמענט, ווייל דאָס שליסט אויס דעם אָריגנעלען פאָרשלאַג אין גאַנצען. דער מאַן וואָס איז פאַר אַ סימפּאַטיע רעזאָלוציאן איז דאָך ג ע נ צ ל י ך געגען געלד. זיין פאָרשלאַג איז אַלזאָ אַ גאַנץ נייער, ער האָט מיט דעם ערשטען גאָר ניט צו טהאָן, און ער קען דאַרום איהם ניט פאָרלייגען אַלס אַן אַמענדמענט.

דיעזע פעללע זיינען גאַנץ איינפאַכע. אמאָל קומט אָבער אויס אביסעל שווערליך צו ענטשיידען צי אַ געוויסער פאָרשלאַג קען געהן אַלס אַן אַמענדמענט, צי ניט. אַזוינע פעלע בלייבט איבער פאַר׳ן טשערמאַן צו ענטשיידען.

נאַטירליך איז עס ערלויבט צו מאַכען אַן אַמענדמענט אויף אַן אַמענדמענט. איינער

צום בײשפּיעל שלאָגט פאָר 50 דאָלאַר שטיצע. מאַכט אַ צװײטער אַן אַמענדמענט אויף 25, מאַכט אַ דריטער אַן אַמענדמענט צו דעם אַמענדמענט, אויף 10 דאָלאַר, און זאָ װײטער.

די מעמבערס װאָס דעבאַטירען דעם פאָר־שלאַג קענען אויך דעבאַטירען די אַמענדמענטס אין דערזעלבער צײט. אײנער קען צום בײ־שפּיעל געבען זײנע מײנונגען ערשטענס, װארום ער איז גאָר דאַפיר, אַז מען זאָל דעם סטרײק שטיצען. דאַן קען ער געבען מײ־נונגען פאַר װאָס ער גלױבט אַז די סומע פון 25 דאָללאַר אָדער פון 10 דאָלאַר איז גענוג. אַ צװײטער װידער קען רײדען געגען דעם גאַנצען פאָרשלאַג, אַז מען זאָל גאָר געבען געלד פאַר'ן סטרײק.

אין די מעהרסטע אמעריקאַנער אָרגאַניזאַ־ציאָנען פיהרט זיך, דאָס עס איז ערלױבט צו מאַכען אַ פאָרשלאַג צו שליסען פריהער די דעבאַטען איבער די אַמענדמענטס און נעה־מען די אַמענדמענטס צום אָפּשטימונג. געה־ען די אַמענדמענטס דורך, דאַן פאַלט דאָך דער אָריגינעלער פאָרשלאַג סײ װי סײ אַװעק. פאַלען די אַמענדמענטס דורך, קען מען זיך װײטער דעבאַטירען איבער דעם אָריגינעלען פאָרשלאַג.

אין, אונזערע אָרגאַניזאַציאָנען טהוט מען עס ניט. ביי אונז דעבאַטירט מען איבער אַלעס און דערנאָך שליסט מען אַלע דעבאַטען מיט אַמאָל. ווען מען ווערט פאַרטיג מיט די דעבאַטען פאַנגט זיך אָן אַ סדרה מיט אָפּשטימען. פריהער שטימט מען פאַר איין אַמענדמענט, דערנאָך פאַר'ן צווייטען, און אַזוי ווייטער, ביז וואַנען מען קומט צו צום ערשטען פאָרשלאַג און מען נעהמט איהם צום אָפּשטימונג.

די מעטהאָדע אין די אַמעריקאַנער אָרגאַניזאַציאָנען איז אָהן צוויפעל בעסער פאַר אונזערע. זי איז איינפאַכער און לייכטער. ביי אונז פּאַסירט עס אָפט, דאָס אַ פאָרשלאַג האָט אויף זיך אַזוי פיעל אַמענדמענטס, דאָס דער טשערמאַן ווערט אין גאַנצען צומישט און וויים ניט וועלכען פריהער אויפצונעהמען. ער מאַכט מיסטייקס און די מעמבערס פּראָטעסטירען. ווערט ער אויפגערעגט און קריכט אַריין אין נאָך מעהר פעהלערען. אויב די פראַגע איז אַ וויכטיגע, דאַן ווערט ער נאָך בעשולדיגט פון מאַכנע אין אונעהרליכקייט. די מעמבערס גופא ווערען אויך צומישט, און יעדערער האָט אַן אַנדער מיינונג ווי אַזוי די אָפּשטימונג דאַרף צוגעהן.

עס וואָלט דאַרום געווען ראַטהזאַם פֿאַר די אידישע אָרגאַניזאַציאָנען אָנצונעהמען די אַמעריקאַנישע מעטהאָדע. זאָל פריהער גע־שלאָסען ווערען די דעבאַטען אויף יעדען אַמענדמענט, און זאָל עס גענומען ווערען צום אָפּשטימונג. אויב די אַמענדמענטס פאַלען דורך, זאָל מען זיך ווידער דעבאַטירען דעם ערשטען פאָרשלאַג און דאַן איהם נעהמען צום אָפּשטימונג.

נאָך א בעסערע מעטהאָדע ווי דיעזע ווערט פאָרגעשלאָגען פון איינעם פון די גרעסטע אויטאָריטעטען אין פּאַרלאַמענטאַרישען גע־זעץ, מר. ראָבערטס. זיין פּלאַן איז דיעזער: אויב עס איז דאָ איין אַמענדמענט אויף אַ פאָרשלאַג איז עס ניט ערלויבט צו מאַכען אַ צווייטען אמענדמענט. ווי אָבער, אז אימעצער וויל פאָרט מאַכען א צווייטען אמענדמענט, דארף מען אַזוי האַנדלען: זאָל דער מעמבער, וואָס וויל דיעזען צווייטען אַמענדמענט מאַכען, בעטען דאָס וואָרט און ערקלעהרען דאָס פאָלגענדע: איך האָב אַזאַ און אַזאַ צווייטען אַמענדמענט צו מאַכען. דאַרום מאַך איך צום פאָרשלאַג, אַז מען זאָל שליסען די דעבאַטען אויף דעם ערשטען אַמענדמענט און איהם גלייך נעהמען

צום אָפּשטימונג. אויב דיעזער פּאָרשלאַג פון דעם מעמבער געהט דורך, שטימט מען אויך דעם ערשטען אַמענדמענט, און אויב דער ערשטער אַמענדמענט ווערט דורכגעוואָרפען, דאַן בעט דיזער דערמאָנטער מעמבער דאָס וואָרט און שלאָגט פאָר זיין צווייטען אַמענדמענט.

דיזער פּלאַן איז אַן אויסגעצייכענטער, ווייל נאָך איהם קומט קיינמאָל ניט אויס, אַז מען זאָל דאַרפען פערהאַנדלען מעהר ווי איין אַמענדמענט מיט אַמאָל. די מעמבערס און דער טשערמאַן ווייסען יעדעס מאָל וואָס עס ווערט פערהאַנדעלט, און עס קען צו קיין אוננויטהיגע מחלוקת ניט קומען.

אויב דער אָריגינעלער פּאָרשלאַג איז אַזאַ וועלכען מען טאָר ניט דעבאַטירען, דאַן טאָר דער אַמענדמענט אויף דיזען פּאָרשלאַג אויך ניט דעבאַטירט ווערען. צום ביישפּיעל, אויב עס ווערט פּאָרגעשלאָגען אַז אַ געוויסע פראַגע זאָל איבערגעגעבען ווערען צו דער עקזעקו־טיוו קאָמיטע, טאָר מען קיין דעבאַטע אי־בער דעם אַמענדמענט ניט פיהרען. פאַר־וואָס? ווייל דער געזעץ איז אַז פּאָרשלעגע וועגען איבערגעבען פראַגען צו קאָמיטעס דאַרפען גענומען ווערען גלייך צום אָפּשטי־

מונג אָהן שום דעבאַטען. ווי באַלד, אַלזאָ, דער אָריגנעלער פּאָרשלאַג איז ניט צום דע־באַטירען, איז דער אמענדמענט איבערצוגע־בען איהר צו דער עקזעק. קאָמיטע אויך ניט צו דעבאַטירען.

## פּאָינטס אָוו אינפאָרמיישאָן.

אַ „פּאָינט אָוו אינפאָרמיישאָן" איז אימער אין אָרדנונג. דאָס הייסט, יעדער מעמבער האָט דאָס רעכט זיך אויפצושטעלען צו יע־דער צייט און בעטען דעם טשערמאַן, ער זאָל איהם אינפאָרמירען וועגען געוויסע פּונקטען, וואָס האָבען אַ שייכות צו די פערהאַנדלונגען וואָס געהען גראַדע דאַמאָלסט אָן. עס איז די פליכט פון טשערמאַן אַלע פערהאַנדלונגען אָפּ צושטעלען און ענטפערען אויף דיעזע פראַגען פריהער. דאָס ברעכט פאַר קיין פאַל ניט אונ־טער דעם רעדנער אין מיטען זיין רעדען. די מעמבערס מוזען אָבער שטאַרק אין זינען האָבען, דאָס פראַגען פון דיזען סאָרט (פּאָינטס אָוו אינפאָרמיישאָן) קענען און מוזען פער־ענטפערט ווערען בלויז פון טשערמאַן. ווען די פראַגע ווערט געשטעלט, מוזען אַלע איבע־ריגע מעמבערס שווייגען ביז וואַנען דער טשערמאַן ענטפערט. ביי אונזערע מיטינגען פּאַסירט עס אָפט, דאָס ווען איינער פרעגט

אַן איינפאַכע פראַגע, שרייען עטליכע מעמ־
בערס אויס דעם ענטפער. דאָס איז זעהר
ניט גוט. דאָס שטערט די אָרדנונג פון מי־
טינג און איז אין אַלגעמיין ניט אַנשטענ־
דיג. די פראגע איז דאָך אדרעסירט צום
טשערמאַן, פאָדערט די איינפאַכע אַנשטענדיג־
קייט, אַז קיין אַנדערער זאָל זיך ניט אַריינ־
מישען. אויב ער טהוט עס, בעליידיגט ער
דערמיט אי דעם וואס פרעגט די פראגע, אי
דעם טשערמאַן.

אויב די פראַגע האָט ניט צו טהאָן מיט
דעם ענין וואָס ווערט פערהאַנדעלט, איז דער
טשערמאַן ניט מחויב צו ענטפערען. ער
דאַרף בלויז ערקלעהרען, דאָס די פראַגע איז
אויסער אָרדנונג, און דער פראַגע־שטעלער
דאַרף זיך גלייך אַנידערזעצען.

## ווי אַזוי צו שטימען אויף אַ פּאָרשלאַג מיט אַמענדמענטס.

אויב דער פּאָרשלאַג האָט בלויז איין
אַמענדמענט, שטימט מען פריהער אויף דעם
אַמענדמענט. פאַלט דער אַמענדמענט דורך,
שטימט מען דערנאָך אויף דעם אָריגינעלען
פּאָרשלאַג. אויב דער אַמענדמענט געהט דורך,
שטימט מען אויפ׳ן אָריגינעלען פּאָרשלאַג צו־
זאַמען מיט׳ן אַמענדמענט. צום בייש־פּיעל:

דער פאָרשלאַג איז, דאָס די אָרגאַניזאַציאָן זאָל שטיצען אַ קראַנקען מעמבער. דער אַמענדמענט איז, אַז מען זאָל פאַר איהם מאַכען אַ טהעאַטער בענעפיט. אויב דער אַמענדמענט געהט דורך, שטימט מען ווידער דעם אָריגינעלען פאָרשלאַג, צי מען זאָל דעם מעמבער שטיצען, צי ניט. אויב דער אמענדמענט ווערט אָנגענומען, דאַרף מען אויך שטימען, צי „די אָרגאַניזאַציאָן זאָל שטיצען דעם מעמבער מיט אַ בענעפיט, אָדער פון דער קאַסע".

אָט איז אַ ביישפיעל:

עס ווערט פאָרגעשלאָגען, אַז די אָרגאַניזאַציאָן זאָל זומער מאַכען אַן אונטערנעהמונג. אַן אַמענדמענט פאַלט, אַז די אונטערנעהמונג זאָל זיין א טהעאטער פארשטעלונג. דיעזער אַמענדמענט ווערט ווידער אַמענדירט, אַז מען זאָל אין דער טהעאַטער אונטערנעהמונג פּאַרטנער מאַכען מיט אַ צווייטער אָרגאַניזאַציאָן. מען נעהמט אַלזאָ דעם צווייטען אַמענדמענט צו אָפּשטימונג. אויב ער פאַלט דורך, געהט מען איבער צו דעם ערשטען אַמענדמענט, אַז מען זאָל נעהמען אַ טהעאַטער אונטערנעהמונג. אויב ער פאַלט אויך דורך, נעהמט מען דעם פאָרשלאַג צו אָפּשטימונג, צי מען זאָל

האָבען אירגענד וועלכע אונטערנעהמונג. אויב אָבער דער צווייטער אַמענדמענט געהט דורך, זאָגט דער טשערמאַן: „איצטער ווּעלען מיר שטימען אויף דעם אַמענדירטען ערשטען אַמענדמענט, דאָס הייסט אַז מען זאָל נעהמען א טהעאטער בענעפיט צוזאמען מיט א צווייטער אָרגאַניזאַציאָן, אויב דאָס פאַלט דורך געהט מען אַריבער צו דעם אָריגינעלען פאָר־שלאַג, צי מען זאָל האָבען אירגענד וועלכע אונטערנעהמונג. אויב דאָס געהט דורך, שטימט מען אויך איבער דעם אָריגינעלען פאָרשלאַג, אָבער אין זיין אַמענדירטער פאָר־מע. דער טשערמאַן זאָגט: איצט וועלען מיר וואוטען אויף דעם ערשטען פאָרשלאַג, ווי ער איז אַמענדירט געוואָרען, דאָס הייסט, אַז די אָרגאַניזאַציאָן זאָל מאַכען אַן אונטער־נעהמונג וועלכע זאָל בעשטעהן אין אַ טהע־אַטער בענעפיט אין פאַרטנערשיפּ מיט אַ צווייטער אָרגאַניזאַציאָן. אויב דאָס פאַלט דורך, געהט די גאַנצע געשיכטע פערלאָרען.

## פאָרמען פון שטימען.

די לייכסטע וועג פון וואוטען איז דורך אויסשרייען „יעס“ און „ניין“. דער טשער־מאַן רעזט פאָר דעם פאָרשלאַג און דאַן זאָגט

ער: „אַלע וואָס זיינען דאַפיר זאָלען זאָגען „יעס“; און די וואָס זיינען דאַפיר שרייען אויס „יעס“. דאַן זאָגט דער טשערמאַן: „אַלע דאַגעגען זאָלען אויסרופען „נײן“; און די געגנער שרייען אויס „נײן“. אויב איין צד איז פיעל שטאַרקער ווי דער צווייטער, איז לייכט צו בעשטימען צי מעהר שטימען האָבען אויסגערופען „יעס“, צי מעהר האָבען אויסגערופען „נײן“. דער טשערמאַן ערקלערט דאַן, וועלכער צד עס האָט נאָך זיין מיינונג געהאַט דעם מאַיאָריטעט, און אויב קיינער האָט ניט דאַגעגען, בלייבט עס אַזוי ווי דער טשערמאַן האָט ענטשיעדען.

וועז, אָבער, איין איינציגער פון די מעמבערס דענקט, אַז עס איז ניט זיכער ווי דער טשערמאַן האָט ענטשיעדען, אָדער ער וויל וויסען מעהר גענוי וויפעל מענשען עס האָבען געשטימט דאַפיר און וויפיעל דאַגעגען, קען ער זיך אויפשטעלען און ערקלערען: איך וויל מען זאָל „נאָכאַמאָל וואוטען“, אָדער ווי דער פּאַרלאַמענטאַרישער אויסדרוק איז: „פאירטהער דיוויזשאָן“. דיעזע פאָדערונג איז ניט קיין פאָרשלאַג, און מען דאַרף איהם ניט אונטערשטיצען. עס איז גענוג ווען איין מעמבער פאָדערט עס; דער טשערמאַן מוז די

פאָדערונג גלייך נאָכגעבען, און מוז אויף דעם פאָרשלאַג נאָכאַמאָל שטימען.

אין דיעזן צווייטען מאָל דאַרף מען שוין וואוטען אויף אַ מעהר בעשטימטען וועג: דורך הויבען די הענד. פריהער הייסט דער טשערמאַן אַלע וואָס זיינען דאַפיור, אויפהויבען די הענד, און ער צעהלט זיי איבער. און דאַן הייסט ער די אַלע וואָס זיינען דאַגעגען, די הענד אויפהויבען, און ער צעהלט זיי איבער. ווען ער איז פאַרטיג, ערקלערט ער, אַז אַזוי פיעל און אַזוי פיעל האָבען געשטימט דאַפיר, און אַזוי פיעל און אַזוי פיעל דאַגעגען.

אויב עס געפינט זיך אַ מעמבער אין דער פערזאַמלונג, וואָס איז נאָך אַלץ אין צווייפעל, צי דער וואוט איז ריכטיג געצעהלט געוואָרען, האָט ער דאָס רעכט איבערצופאָדערען „פאָיר־טהער דיוויזשאָן", דאָס הייסט מען זאָל נאָך אַמאָל וואוטען. דער טשערמאַן מוז איהם דעם פערלאַנג נאָכגעבען, ווען זאָגאַר ער איז דער איין איינציגער וואָס פאָדערט עס. אויב דער טשערמאַן וויל קען ער ווידער הייסען וואוטען דורך הויבען די הענד. בעסער איז אָבער ער זאָל דיזען מאָל זיך בענוצען מיט אַ נאָך בעשטימטערע מעטהאָדע, ווי צום ביי־

שפּיעל, הייסען די מעמבערס זיך שטעלען ביים וואוטען. פריהער זאָלען זיך אויפשטע־לען די וואָס זיינען דאַפיר, און דערנאָך די וואָס זיינען דאַגעגען.

צעהלען די שטימען, צעהלט געוועהנליך דער סעקרעטער. אויב אָבער די פערזאַמלונג איז אַ גרויסע, אַפּאָינטעט דער טשערמאַן צוויי אָדער מעהר צעהלער, וועלכע טהיילען זיך איין מיט דעם צימער. איינער צעהלט איין זייט פון צימער, דער אַנדערע דעם אַנדער זייט און זאָ ווייטער. אין פאַל די אָרגאַניזאַציאָן איז שטאַרק צוטהיילט איבער דער פראַגע און איין צד געטרויט ניט דעם צווייטען, איז עס ראַטהזאַם, אַז דער טשערמאַן זאָל אַפּאָינטען אויף יעדען טהייל פון צימער צוויי צעהלער, פערטרעטער פוןביידע צדדים.

די זיכערסטע וועג פון שטימען איז נאַ־טירליך דורך אַ „ראָלל קאָלל", דאָס הייסט מען זאָל אויסרופען דעם נאָמען פון יעדן מעמ־בער בעזונדער, און יעדערער זאָל ענטפערען ווי ער שטימט, דאַפיר אָדער דאַגעגען. דיעזע פאָרמע פון וואוטען איז אָבער זעהר אַ לאַנ־גע און אַ שווערע. עס איז דאַרום איינגע־פיהרט אין די מעהרסטע אָרגאַניזאַציאָנען אַז מען בענוצט זיך מיט איהר ניט, סיידען אַ

דריטעל פון די אנוועזענדע מעמבערס פער־
לאַנגען עס. דאָס איז ניט קיין געזעץ. אין
מאַנכע אָרגאַניזאַציאָנען קען אַ קלענערע צאָהל
מעמבערס אויך פאָדערען אַ ראָלל קאָלל אי־
בער אַ פראַגע. אָבער דיעזע מעטהאָדע אַז
עס מוז זיין צום ווענינגסטענס אַ דריטעל
מעמבערס דאַפיר, איז די בעסטע. ווען אַ
קלענערע צאָהל זאָל קענען אָפּשטעלען אַ מי־
טינג אויף אַ שטונדע צייט פאַר אַ ראָלל־קאָלל,
דאַן וועט עס געבען אַ געלעגענהייט פאַר אַ
הייפעלע מענשען צו שטערען מיטינגען און
ניט צו דערלאָזען אָנצוגעהן מיט דער אַרבייט,
אויב עס וועט זיין אין זייערע אינטערעסען
דאָס צו טהאָן.

## אַ פאָרשלאַג צו שליסען דעם מיטינג.

דער מיטינג מוז געשלאָסען ווערען דורך
אַ פאָרשלאַג, ווייל דאָס ווערט פעררעכענט אַלס
אַ טהייל פון די פערהאַנדלונגען. ווען אַלעס
אויפ'ן טאַגעס־אָרדנונג איז גענדיגט און דער
טשערמאַן רופט אויס דעם פונקט צום וואָהל
און „געטען, קען א מעמבער בעטען דאס ווארט.
ווען ער קריעגט איהם, מאַכט ער אַ פאָרשלאַג
צו שליסען דעם מיטינג. דער פאָרשלאַג,
גראַדע אַזוי ווי אַנדערע פאָרשלעגע, מוז אונ־

טערשטיצט ווערען, אויב ניט, קען מען איהם ניט פאָרנעהמען.

אין איין הינזיכט איז דיעזער פאָרשלאַג און קיינער קען אויף איהם קיין אַמענדמענט אָן אויסנאהם פון די אנדערע פארשלעגע. איבער איהם קען קיין דעבאַטען ניט זיין ניט מאַכען. גלייך ווי ער ווערט פאָרגעשלאָגען און אונטערשטיצט, מוז איהם דער טשער־מאַן פאָרלייגען פאַר אָבשטימונג, אויב אַ מאַיאָריטעט וואוט פאַר איהם. ערקלערט דער טשערמאַן דעם מיטינג פאַר געשלאָסען. אויב אַ מאַיאָריטעט שטימט דאַגעגען, דאַן געהט מען ווייטער אָן מיט די ביזנעס פון מיטנג.

---

## ווי אַזוי מען קען אַ פאָרשלאַג אין גאַנצען פאַרשיבען.

עס זיינען דאָ צוויי וועגען ווי אַזוי מען קען אַ פאָרשלאַג אין גאַנצען פערוואַרפען, דאָס הייסט, ווי אַזוי פון איהם לויז צו ווערען גאָר אָהן שום דעבאַטען און אָהן שום אָב־שטימונגען.

1) איין וועג איז דורך אַן „אבדזשעק־שאָן“.

אין אונזערע אָרגאַניזאַציאָנען ווערט דיע־זע מעטהאָדע קיינמאָל ניט געברויכט. עס

איז אַזוי ווי אַן אָנגענומענע זאַך ביי אונז, אַז ווי באַלד נאָר אַ פאָרשלאַג ווערט געמאַכט און אונטערשטיצט קען מען געגען איהם קיין אויסזעצונגען ניט מאַכען. אין אַמעריקאַנער אָרגאַניזאַציאָנען אָבער ווערט דיעזע מעטהאָדע זעהר אָפט געברויכט, און זי איז אַ גוטע אויך. עס מאַכט זיך אַמאָל דאָס איינער מאַכט אַ פאָרשלאַג, וואָס די מעהרסטע מעמבערס יהלען, אַז ער איז ניט אַם פּלאַץ, אַז ניט איצט איז די צייט איהם צו פערהאַנדלען, אַז ער קען אויפהויבען אוננויטהיגען טומעל א. ז. וו. עס דאַרף דאַרום געפונען ווערען אַ מיטעל ווי אַזוי דיעזען „מאָושען" פון וועג אַפּצוראַמען. דער פאָרשלאַג קען זיך זיין אין „אָרדער", נאָר עס זיינען דאָ אַנדערע גרינדע פאַרוואָס מען ווילל איהם פערשיבען.

נאַטירליך וואָלט געווען געפעהרליך, דאָס אַן אבדזשעקשאָן זאָל קענן אָנגענומען ווערען מיט בלויז אַ מאַיאָריטעט שטימען, ווארים אויב אַזוי וואָלט דאָך אַן אָרגאַניזירטע מאַיאָריטעט קענען אין גאַנצען פערשליסען די כוילער פון דער מינאָריטעט. ווען יעמאַנד פון דער מינאָריטעט וואָלט עפּעס פאָרגעשלאָגען, וואָלט די מאַיאָריטעט עס פערוואָרפען דורך אַן אבדזשעקשען. עס איז דאַ־

רום דער געזעץ אַז אום אַן „אבדזשעקשאָן“ זאָל דורכגעהן, מוזען צוויי דריטעל פון די מעמבערס שטימען פאַר איהם.

אַן „אבדזשעקשאָן“ איז פּונקט אַזוי ווי אַ פּאָינט אָוו אָרדער. דער וואָס מאַכט איהם דאַרף זאָגאַר ניט קריגען די ערלויבניס פון דעם טשערמאַן אויף דאָס וואָרט. גלייך ווי דער „מאָושען“ ווערט נאָר אונטערשטיצט און דער טשערמאַן לייגט איהם פאָר פאַר אַ דע־באַטע, קען זיך אירגענד וועלכער מעמבער אויפשטעלען און, ערקלערען, אַז ער זעצט אוים מען זאָל דעם פאָרשלאַג פערהאַנדלען. ער גיט אָן זיינע אורזאַכען און זעצט זיך אַניעדער. קיין דעבאַטען איבער דעם „אב־דזשעקשאָן“ קען ניט זיין. דער טשערמאַן מוז איהם גלייך פאָרלייגען פאַר די מעמבערס צו אָבשטימונג און, ווי געזאָגט, אויב צוויי דריטעל שטימען פאַר איהם, ווערט דער פאָר־שלאַג פערוואָרפען. אויב אָבער ווייניגער ווי צוויי דריטעל זיינען פאַר׳ן אבדזשעקשאָן, ווערט דער גאָרשלאַג וויעדער אויפגענומען פאַר פערהאַנדלונג.

2) די צווייטע מעטהאָדע ווי אַזוי צו פערשיבען אַ מאָושען, איז צו מאַכען אַ פאָר־שלאַג צו „טייבלען“ דעם מאָושען. דאָס איז

שוין אַ געוועהנליכער פאָרשלאַג, וועלכער מוז אונטערשטיצט ווערען און וועלכער קען דורכ־געהן מיט בלויז אַ מאַיאָריטעט שטימען. „טייבלען אַ מאָושען" הייסט איהם אָבצולייגען אויף אַן אַנדערש מאָל. ווען דער „אַנדערש מאָל" איז, איז קיינער ניט מחויב צו בעשטימען.

דער פאָרשלאַג צו „טייבלען" אַ מאָושען קען ניט דעבאַטירט ווערען און מען קען אויף איהם קיין אַמענדמענט ניט מאַכען. דער טשערמאַן מוז איהם נעהמען צו אָבשטימונג גלייך ווי ער ווערט אונטערשטיצט. ווי געזאָגט, אַזאַ פאָרשלאַג קען דורכגעהן מיט בלויז אַ מאַיאָריטעט שטימען. ער קען אויך געמאַכט ווערען צו יעדער צייט ביים אָנפאַנג פון דער דעבאַטע, אין מיטען אָדער ביים ענדע.

## „אַ מאָושען צו ריקאָנסידערען" אַ פאָרשלאַג וויעדער אויפצונעהמען אַ פראַגע וואָס איז שוין פערהאַנדעלט געוואָרען.

נאָכדעם ווי אַ פראַגע ווערט פערהאַנדעלט און אָבגעשטימט, האָט אַ מעמבער דאָס רעכט זיך אויפצושטעלען ביים זעלבען מיטינג אָדער ביי אַ צווייטען מיטינג, און מאַכען אַ פאָר־שלאַג מען זאָל די פראַגע נאָך אַמאָל אויפ־

נעהמען און איהר ווידער פערהאַנדלען. אַזאַ פּאָרשלאַג רופט זיך „אַ מאָושען טו ריקאָנ־סידער".

אין אונזערע אָרגאַניזאַציאָנען פיהרט זיך, דאָס אַזאַ פּאָרשלאָג קען ניט דעבאַטירט ווע־רען. גלייך ווי דער פּאָרשלאַג ווערט געמאַכט מוז דער טשערמאַן איהם פּאָרלייגען פאַר די מעמבערס צו אָבשטימונג. אין אַמעריקאַנער אָרגאַניזאַציאָנען פיהרט זיך ניט ביי אַלע אַזוי. אין מאַנכע פון זיי איז דער געזעץ אַזוי: אויב דער אָריגינעלער פּאָרשלאַג, וועל־כען מען וויל נאָך אַמאָל פערהאַנדלען, איז אַזאַ, וואָס מען מעג דעבאַטירען, דאַן מוז דער פּאָרשלאַג „צו ריקאָנסידערען" אויך דעבאַטירט ווערען. אויב אָבער דער אָריגינעלער פּאָר־שלאַג איז פון יענעם קלאַס, וועלכע מען טאָר ניט דעבאַטירען, ווי צום ביישפּיעל, אַ פּאָר־שלאַג איבערצוגעבען אַ פראַגע צו אַ קאָמיטע, אָדער צו „טייבלען", דאַן קען דער „מאָושען צו ריקאָנסידערען" אויך ניט דעבאַטירט ווע־רען.

נאָך אונזער מיינונג איז די מעטהאָדע אין די אידישע אָרגאַניזאַציאָנען די בעסטע. ווי באַלד די פראַגע איז שוין איינמאָל פער־האַנדעלט געוואָרען און איז זאָגאַר אָבגע־

שטימט געוואָרען, זיינען דאָך די מעמעברס שוין גענוי בעקאַנט מיט איהר, טאָ צוליעב וואָס זאָל מען ווידער פאַרנעהמען צייט אין דעבאַטירען צי יענער פאָרשלאַג דאַרף נאָך אַמאָל פערהאַנדעלט ווערען, צי ניט. אויב אַ מאַיאָריטעט פון די מעמבערס שטימען געגען אויפנעהמען די פראַגע נאָך אַמאָל, בעווייזט עס קלאָהר, אַז זיי זיינען אין איהר מעהר ניט פעראינטערעסירט, אויף אַזוי ווייט ניט פעראינטערעסירט, דאָס זיי ווילען וועגען איהר מעהר ניט ריידען, טאָ צו וואָס פער־ספענדען צייט אין דעבאַטען.

אַ פאָרשלאַג צו ריקאָנסידערען קען גע־מאַכט ווערען בלויז פון איינעם פון די וואָס האָבען פריהער געשטימט מיט דער מאַיאָרי־טעט. ווען ניט, וועט דאָך דער פערלאָרענער צד אימער זיך בענוצען מיט דעם מיטעל, די פראַגע ווידער אויפצוהויבען.

אַ פאָרשלאַג צו „ריקאָנסידערען" קען אָנ־גענומען ווערען מיט בלויז אַ מאַיאָריטעט שטימען. ווען זאָגאַר דער אָריגינעלער פאָר־שלאַג, דאָס הייסט דער, וועלכען מען וויל עס נאָך אַמאָל פערהאַנדלען, ווען זאָגאַר יענער איז אַזאַ, אויף וועלכען עס פאָדערט זיך צוויי דריטעל שטימען, אפילו דאַן איז גענוג פאַר

צו מאַכען אַ „פּאָינט אָוו אָרדער“ דאַרף מען קיין ערלויבניש פון טשערמאַן ניט קריגען, דאָס הייסט, מען איז ניט מחויב צו בעטען אויף דעם דאָס וואָרט. יעדער מעמבער האָט אַ רעכט צו אונטערברעכען דעם וואָס האָט דאָס וואָרט, אויב ער האָט אַ „פּאָינט אָוו אָרדער“ צו מאַכען, און דער טשערמאַן, ווען ער דערהערט נאָר, אַז איטעצער מאַכט אַ פּאָינט אָוו אָרדער, מוז גלייך אָבשטעלען אַלע פערהאַנדלונגען און פּסק'ענען צי דער „פּאָינט אָוו אָרדער“ איז אַ גערעכטער, צי ניט. קיין דעבאַטען קען אויף דעם ניט זיין. דער מאַן, וואָס מאַכט דעם „פּאָינט אָוו אָרדער“ גיט זיין אורזאַכע און דער טשערמאַן גיט גלייך זיין ענטשיידונג. קיין אַנדער מעמבער טאָר זיך ניט אַריינמישען.

אויב דער טשערמאַן איז אין צווייפעל, וואָס פאַר אַן ענטשיידונג אַרויסצוגעבען, אָדער אויב דער פּונקט איז ווירקליך אַ שוועהרער און ער וויל אויף זיך די פעראַנטוואָרטליכקייט ניט נעהמען, קען ער די פראַגע פאָרלייגען פאַר די מעמבערס זיי זאָלען וואָטען צי דער „פּאָינט אָוו אָרדער“ איז ריכטיג, צי ניט.

אין דיעזען צווייטען פאַל, דאָס הייסט,

אויך די מעמבערס אַליין ענטשיידען די פראַ־
גען, זען ווייטער איבער דעם קיין פערהאַנד־
לונגען ניט אָנגעהן. אויב אָבער דער טשער־
מאַן אַליין גיט אַרויס דעם פסק, האָט יע־
דער מעמבער אַרעכט אניפצושטעלען זיך און
ערקלערען אַז ער איז ניט צופרידען מיט
דעם טשערמאַן'ס ענטשיידונג.

דאָס קען געטהאָן ווערען אויף צוויי וועגען. איין וועג איז צו אַפּעלירען געגען דער ענטשיידונג פון טשערמאַן; דער צווייטער וועג איז צו ווענדען זיך צו די מעמבערס און צום טשערמאַן מיט אַ פראַגע צי די ענטשיידונג איז ריכטיג, צי ניט.

אין אונזערע אָרגאַניזאַציאָנען פיהרט מען זיך אַז בלויז דער וואָס האָט אויסגעפונען דעם פּאָינט אָוו אָרדער מעג אַפּעלירען געגען די ענטשיידונג פון טשערמאַן. דאָס איז ניט ריכטיג, יעדער מעמבער קען דעם אַפּיעל מאַ־כען.

אין פלוג זעהט אויס, אַז די צוויי וועגען זיינען אַלץ אוינס. עס איז אָבער צווי־שען זיי דאָ אַ גרויסער הילוק. ביי אונזע־רע מיטינגען וויס מען פון דעם צווייטען וועג גאָר ניט. אויב איינער איז ניט צו־פרידען מיט טשערמאַן'ס ענטשיידונג אַפּע־

לירט ער גלייך צו די מעמבערס געגען דעם טשער. ווען דאָס ווערט געטהאָן מוז דער טשערמאַן פערלאָזען דעם טשער און זעהן וויס טשערמאַן אָדער דער סעקרעטער ווערנעהמט זיין פּלאַץ. דער מאַן, וואָס האָט אַפּעלירט גיט דאַן זיינע אַרגומענטען און דער טשער־מאַן ענטפערט איהם, דאַן נעהמט דער „טעמ־פּאָראַרי“ טשערמאַן די פראַגע צו אָנשטימונג.

ווען אָבער מען בענוצט דעם צווייטען וועג, פערשפּאָרט מען דאָס אַלעס. נאָך יענער מעטהאָדע דאַרף דער טשערמאַן זיין פּלאַץ ניט פערלאָזען. ער וואָלט אויסגעהערט דעם מעמבערס טענות אָדער, ווי מען רופט עס אויף'ן פּאַרלאַמענטאַרישען לשון זיין „פראַ־גע“ און וואָלט איהם געענטפערט זיצענדיג אויפ'ן טשער, און דאַן וואָלט ער אַליין די פראַגע איבערגעגעבען צו אָבשטימונג. דער וועג איז אי שעהנער, אי שנעלער, אי רוהי־גער.

ווי געזאָגט, איז די „פּאָניט אָוו אָרדער“ ביזנעס אַ קללה אויף אונזערע מיטינגען. עס וואָלט געווען העכסט ווינשענסווערטה דאָס מען זאָל ביי אונז אויפהערען זיך מיט דיע־זעס רעכט אַזוי פיעל צו בענוצען. זאָלען די מעמבערס איינ'חזר'ן דיעזען כלל, ניט

אויפצושפּריגגען פון וויערע פּלעצער, ניט צו טריויען „פּאָינט אָוו אָרדער“, ס י י ד ע ן ז י י ז י י נ ע ן אַ ב ס אָ ל ו ט א י ב ע ר צ י י ג ט, אַז דער טשערמאַן האָט פעוגוואַלטיגט אַ וויכטיגען געזעץ אין דער קאָנסטיטושאָן אָדער אין דעם פּאַרלאַמענ־טאַרישער געזעץ.

מיר ווילען נאָך אַמאָל וויעדערהאָלען, דאָס אַ „פּאָינט אָוו אָרדער“ קען ניט דעבאַ־טירט ווערען. עס איז די פליכט פון דעם טשערמאַן וואָס גיבער אָבצו'פּטר'ען דעם „פּאָינט אָוו אָרדער“ וואָס שנעלער אַרויסצו־געבען וועגען דעם זיין ענטשיידונג אום די פערהאַנדלונג פון דעם מיטינג זאָל קענען וויטער פאָרטגעזעצט ווערען. עס איז אויך די פליכט פון די מעמבערס צו פיהלען, דאָס יעדען מאָל וואָס זיי מאַכען אַ „פּאָינט אָוו אָרדער“ שטערען זיי דעם מיטינג, און דאָס זיי מוזען זיך צוריקהאַלטען פון „פּאָינט אָוו אָרדערס“ אַזוי וויט ווי נאָר מעגליך.

# קאפיטעל דריי.

## די בעאמטע פון דער אָרגאניזאציאָן.

### 1. דער טשערמאַן.

### איז עס גוט צו האָבען אַ שטענדיגען טשערמאַן?

מאַנכע אָרגאַניזאַציאָנען ערוויהלען אַ טשערמאַן אויף אַ געוויסען טערמין, אויף זעקס מאָנאַטען אָדער אויף אַ יאָהר. אין די ראַדיקאַלע אָדער אַרבייטער אָרגאַניזאַציאָנען פיהרט זיך, אַז אַ טשערמאַן ווערט עלעקטעט ביי יעדען מיטינג. וועלכע סיסטעם איז בעסער?

עס זיינען דאָ אי מעלות, אי חסרונות אין ביידע סיסטעמען.

אַ שטענדיגער טשערמאַן האָט די מעלה, וואָס ער קריעגט די ערפאַהרונג ווי אַזוי צו פיהרען די מיטינגען, ווי אַזוי צו בעגעהן זיך מיט די מעמבערס. ווידער ווערט ער בעקאַנט מיט דער געשעפטליכער זייט פון דער אָרגאַניזאַציאָן. אַ מיטינג פיהרען איז אַ געוויסער הינזיכט עהנליך ווי צו פיהרען אַ ביזנעס, און אין אַ ביזנעס איז עס געוויס

פּראַקטיש און נייטהיג צו האָבען איינעם און דעמזעלבען מענעדזשער פאַר אַ לאַנגען טער־מין. דער טשערמאַן התמ׳עט אויך אַלע גע־זעצליכע פּאַפּיערען. אַ נייער טשערמאַן ביי יעדען מיטינג פעראורזאַכט אַמאָל אַ מיש־מאַש אין די ביזנעס.

עס זיינען אָבער אויך דאָ חסרונות אין האָבען אַ שטענדיגען טשערמאַן.

עס איז ביז אַ געוויסע מאָס ניט דעמאָ־קראַטיש (דאָס אייגענטליך איז די הויפּט־אורזאַכע פאַרוואָס מען האָט דיעזע סיסטעם אין די אַרבייטער אָרגאַניזאַציאָנען אין גאַנ־צען פערוואָרפען). אַ שטענדיגער טשערמאַן הויבט מיט דער צייט אָן צו פיהלען אַז ער איז אַ מין בעל־הבית איבער דער אָרגאַניזאַ־ציאָן, און עס איז דאָ אַ גאַנץ ערנסטע גע־פאַהר ער זאָל ניט אָנפאַנגען צו מיסברויכען זיין מאַכט און זיינע רעכטע אין אַוועקנעה־מען די רעכטע פון די מעמבערס.

ווען די אָרגאַניזאַציאָן מאַכט אַ מיסטייק און ערוועהלט אַ שלעכטען טשערמאַן, קען זי פון איהם ניט פּטור ווערען ביז די ענדע פון זיין טערמין. זי מוז זיך מיט איהם האַלטען אַ האַלבען יאָהר אָדער אַ גאַנצען יאָהר.

ווען מען ערוועהלט אַ נייעם טשערמאַן ביי יעדען מיטינג גיט עס די מעגליכקייט פאַר יעדען פעהיגען מעמבער זיך אויסצו־לערנען ווי אַזוי אַ טשערמאַן צו זיין. ווען מען ערוועהלט אָבער אַ טשערמאַן אויף אַ לאַנגען טערמין ווערט דער אַמט כּאָנאָפּאָלי־זירט. עס אַרבייט זיך אויס מיט דער צייט אַזוי אַז בלויז איינער אָדער צוויי קענען דיעזען אַמט פערנעהמען.

## די אויפגאַבען פון דעם טשערמאַן.

1) צו עפענען דעם מיטינג.

2) פאָרצולעזען דעם טאַגע־אָרדנונג.

3) אויפצונעהמען אַלע פאָרשלעגע; וואָס ווערען געמאַכט פון מעמבערס און זיי פאָר־צולייגען פאר דעם מיטינג.

4) אַליין צו צעהלען אָדער אַפּאָינטען אי־מיצען צו צעהלען די שטימען איבער פאָר־שלעגע און צו אַנאָנסירען דעם רעזולטאַט פון דער אָבשטימונג פאַר דעם מיטינג.

5) צו האַלטען די מעמבערס אין אָרדנונג, די גאַנצע צייט וואָס דער מיטינג געהט אָן.

6) דורכצופיהרען אַלע רולס וואָס די אָר־גאַניזאַציאָן האָט פאַר מיטינגען.

7) אויפצופּאַסען, אַז די מעמבערס זאָלען זיך איינע צו די אַנדערע בענעהמען אַנשטענ־

דיג און העפליך ווען זיי זיינען אין מיטינג רום.

8) אָנצונעהמען אַלע צושריפטען און אַלע קאָמיטעס, וואָס קומען צום מיטינג און זיי פאָרברייגנען פאַר דעם מיטינג.

9) צו ענטשיידען פּאָינטס אָוו אָרדער.

10) ווען דער טשערמאַן לעזט עפּעס פאָר פאַר דעם מיטינג, מעג ער עס טהאָן זיצענדיג. ווען ער לייגט אָבער פאָר פאַר'ן מיטינג אַ פאָרשלאַג, מוז ער זיך אויפשטעלען.

11) דער טשערמאַן האָט אין פיעלע אָרגאַניזאַציאָנען די מאַכט צו אַפּאָינטען קאָמיטעס. אין די ראַדיקאַלערע אָרגאַניזאַציאָנען ווערען קאָמיטעס עלעקטעט פון די מעמבערס אַליין.

איבער דיעזער פראַגע איז ווערטה זיך אַביסעל אָבצושטעלען. עס איז אָהן צווייפעל מעהר דעמאָקראַטיש, ווען דאָס גאַנצע מעמבערשיפּ ערוועהלט קאָמיטעס. נאָך אַלעמען ווערט די הויפּט־אַרבייט פון דער אָרגאַניזאַציאָן געטהאָן דורך דיעזע קאָמיטעס, און ווען איין מענש זאָל האָבען די מאַכט די קאָמיטע־לייט אויסצוקלייבען, האָט ער אייגענטליך אין זיינע הענד אַ ריעזיגע מאַכט.

אָבער לײדער געהט עס אין אונזערע אָרגאַני־
זאַציאָנען שױן צו װײט דעמאָקראַטיש.

די ערװעהלונג פֿון יעדער קאָמיטע בײ
אונז פערנעהמט אַן אונגעהײער לאַנגע צײט.
מען נאָמינירט צעהנדליגע קאַנדידאַטען און
װען דער טשערמאַן· לעזט פאָר די נעמען,
װערט אַ געשרײ: „איך האָב נאָמינירט דעם!"
„איך האָב נאָמינירט יענעם"! און מען מוז
צושרײבען נאָך אַ צעהנדליג נעמען. דאַן
הױבט זיך אָן אַ סדרה פון שטימען און פון
צעהלען די װאוטס. מעמבערס װאוטען מעה־
רער מאָל װי זײ האָבען רעכט. מאַנכע פער־
געסען דעם חשבון פאַר װיפיעל קאַנדידאַטען
זײ האָבען שױן אָפּגעװאוט; און זעהר אָפט
איז דער רעזולטאַט פון דער גאַנצער געשיכ־
טע אַז די אונפּאַסענדסטע מענשען װערען
אױסגעקליבען אַלס קאָמיטע־לײט.

אַן עצה דערצו איז דאָ אײנע: די מעמ־
בערס דאַרפען זיך צו דער פראַגע פון קאָמי־
טעס בעציהען אַנדערש, װי איצט. זײ טאָ־
רען זיך ניט רעכענען מיט פערזענליכקײט
און מוזען אימער האַלטען אין זינען די
פראַגע פון צײט. ניט נאָמינירט צופיעל
קאַנדידאַטען און ניט זײט חושד אימער דעם
טשערמאַן, אַז ער האָט בכיון „פערגעסען"

אַרונטערצושרייבען איהער קאַנדידאַט, העלפט מיט אַלע כחות, אַז קאָמיטעס זאָלען אַפּאָינ־טעט ווערען שנעל. אויב די קאָמיטע איז ניט פון דער העכסטער וויכטיגקייט, איז עס ראַטהזאַם איבערצולאָזען עס צום טשערמאַן, ער זאָל איהר אַפּאָינטען.

12) אין פאַל פון אַ „טאַי־וואוט", דאָס הייסט ווען די מעמבערס זיינען צוטהיילט אויף צוויי גלייכע העלפט אין אַ פראַגע, דאַן וואוט דער טשערמאַן און זיין וואוט גיט איין צד אָדער דעם צווייטען די מאַיאָריטעט. זאָנסט וואוט דער טשערמאַן ניט.

## 2. די סעקרעטערע.

עס זיינען דאָ דריי סאָרטען סעקרעטערים: דער פינאַנץ־סעקרעטער, דער רעקאָרדינג אָדער פּראָטאָקאָל סעקרעטער, און דער קאָרעספּאָנ־דינג סעקרעטער.

די מעהרסטע פון אונזערע אָרגאַניזאַציאָ־נען האָבען בלויז צוויי סעקרעטערע, דעם פי־נאַנץ סעקרעטער און דעם רעקאָרדינג סעק־רעטער. די אַרבייט פון דעם דריטען, דעם קאָרעספּאָנדינג סעקרעטער, ווערט געטהאָן דורך דעם רעקאָרדינג אָדער פינאַנץ־סעקרע־טער.

די אויפגאַבען פון רעקאָרדינג סעקרעטער.

1) ער ווערט אָנפערטרויט מיט און מוז אויפפּאַסען אויף אַלע ביכער, פּאַפּיערען, דאָקומענטען פון דער אָרגאַניזאַציאָן.

2) ער מוז האַלטען אַ ליסטע פון די נעמען פון אַלע מעמבערס.

3) ער מוז קומען צו יעדען מיטינג און פערשרייבען די פערהאַנדלונגען וועלכע קומען אויף זיי פאָר. דיעזע פערהאַנדלונגען רופט מען די „מינוטס“, אָדער דער פּראָטאָקאָל.

וואָס הייסען אָבער פערהאַנדלונגען? וואָס מוז דיעזער סעקרעטער פערשרייבען? דאַרף ער פערשרייבען יעדען וואָרט וואָס ווערט אַרויסגערעדט ביים מיטינג, יעדען פאָרשלאַג, יעדע דעבאַטע אָדער יעדע פּאַסירונג?

ניין. דער סעקרעטער דאַרף פערשרייבען בלויז די פאָרשלעגע, וואָס זיינען פון מיטינג אָנגענומען געוואָרען. אַלע אַנדערע פערהאַנדלונגען קען ער אויסלאָזען. ווען עס פּאַסירט עפּעס ביים מיטינג, וועלכעס פערנעהמט זאָגאַר אַ לאַנגע צייט, און די פּאַסירונג האָט ניט געפיהרט צו קיין פאָרשלאַג און צו קיין אָבשטימונג, דאַן קען עס דער סעקרעטער אין גאַנצען אויסלאָזען. ער איז אויך ניט מחויב צו פערשרייבען די מיינונגען וואָס ווערען

אויסגעדריקט דעבאַטערענדיג איבער אַ פראַ־גע. אַ פאָרשלאַג, וואָס ווערט נידערגעשטימט, ווען זאָגאַר עס האָט פערנומען אַ גרויסע טהייל פון דעם מיטינג דאַרף אויך ניט פער־שריבען ווערען אין דעם פראָטאָקאָל.

נאַטירליך אויב דער סעקרעטער האָט ליעב אַ סך צו שרייבען און ער וויל פערצייכענען אַלעס וואָס קומט פאָר ביים מיטינג, קען ער דאָס טהאָן. ווען ער לעזט אָבער פאָר דעם פראָטאָקאָל ביים נעקסטען מיטינג, קענען די מעמבערס פראָטעסטירען, וואָס ער פערנעהמט די צייט מיט פאָרלעזען זאַכען, וועלכע זיי־נען אַבסאָלוט ניט נויטיג.

4) דער סעקרעטער דאַרף פאָרלעזען פאַר׳ן מיטינג אַלע פּאַפּיערען, דאָקומענטען און רע־זאָלוציאָנען. ער דאַרף עס טהאָן אָבער בלויז אויפ׳ן בעפעהל פון טשערמאַן.

5) ווען מען דאַרף צוליעב אירגענד וועל־כען צוועק האָבען אַ „ראָלל־קאָלל“, איז עס די אויפגאַבע פון דעם סעקרעטער אויסצורו־פען אַלע נעמען. אין מאַנכע אָרגאַניזאַציאָ־נען איז עס איינגעפיהרט, דאָס דער סעקרעטער פערצייכענט די נעמען פון אַלע מעמבערס, וואָס זיינען אַנוועזענד און אבוועזענד ביי יעדען מיטינג.

6) דער פראטאקאל סעקרעטער עפענט יע־דען מיטינג, אדער בעסער געזאגט, ער עפענט די הקדמה צום מיטינג. זיין אויפגאבע איז צו בעטען די מעמבערס זיך האלטען אין ארד־נונג און צו ערוועהלען א טשערמאן, וואו עס איז ניטא קיין שטענדיגער טשערמאן. נאכ־דעם ווי דער טשערמאן ווערט ערוועהלט, פער־לאזט דער סעקרעטער דעם טשער און דער ערוועהלטער טשערמאן ערעפענט דעם מיטינג איבער־א־נייעס.

7) איידער דער מיטינג פאנגט זיך אן, מוז דער סעקרעטער צוגרייטען א טאגעס־ארד־נונג און ער מוזט איהם איבערגעבען צום טשערמאן גלייך ווי ער פערנעהמט דעם טשער. וואס פאר א טאגעס־ארדנונג צוצוגרייטען איז ניטא קיין רולס. דער סעקרעטער זעהט, וואס עס איז פארגעקומען ביים פריהערדיגען מי־טינג, ער זעהט וואס פאר א ביזנעס עס איז פערהאנדעלט געווארען און וואס פאר פראגען עס זיינען געבליבען ניט פערהאנדעלט אדער אין מיטען פערהאנדלען און ער שטעלט זיי ארויף אויף דעם טאגעס־ארדנונג. ווי עס איז שוין אנגעוויזען געווארען אין א פריהערדיגען קאפיטעל, האבען די מעמבערס

דאָס רעכט דעם טאַגעס־אָרדנונג צו ענדערען
ווי זיי ווילען.

8) דער סעקרעטער מוז ביים אָנפאַנג פון
יעדען מיטינג פאָרלעזען דעם פּראָטאָקאָל פון
פאָריגען מיטינג. אויב די מעמבערס געפי־
נען אין איהם אירגענד וועלכען מיסטייק,
קען דער מיטינג בעשליסען אַז דער סעקרע־
טער זאָל עס קאָרעגירען ־אָדער ער זאָל אין
פּראָטאָקאָל עטוואָס אויסמעקען אָדער צו־
שרייבען.

---

## דער „קוואָרום“.

קיין בעשטימטער אַלגעמיין־אָנגענומענער
געזעץ וועגען די גרויס פון אַ קוואָרום איז
ניטאָ. יעדע ארגאניזאציאן דארף ביי איה־
רע ערשטע מיטינגען בעשליסען פון וויעפעל
מעמבערס איהר קוואָרום זאָל בעשטעהן. אויב
מעגליך זאָל דאָס איינגעשריבען ווערען אין
דער קאָנסטיטושאָן.

דאָס איז אין גאַנצען אַ פראַגע פון פּראָס־
טען פערשטאַנד. אונטער געוועהנליכע אומ־
שטענדען דאַרף מען ערוואַרטען, דאָס ביי יע־
דען מיטינג זאָלען אנוועזענד זיין צום ווי־
ניגסטענס מעהר ווי אַהעלפט פון אַלע מעמ־

בערס. עס דאַרף זיין איינגעפיהרט, אַז אַ קוואָרום זאָל בעשטעהן פון ניט ווייניגער ווי אַ מאַיאָריטעט פון דער מעמבערשיפּ, וואָרים אויב ניט, וועט דאָך אויסקומען, אַז אַ מינאָריטעט וועט האָבען אַמאָל די מעגליכ־קייט צו פיהרען די גאַנצע אָרגאַניזאַציאָן. אין פיעלע אָרגאַניזאַציאָנען איז טאַקע איינ־געפיהרט, אַז אַ קוואָרום מוז בעשטעהן פון אַ מאַיאָריטעט פון די גאַנצע מעמבערס. אין אַזוינע אָרגאַניזאַציאָנען וועלכע האָבען די קוואָרום־פראַגע קיינמאָל ניט פערהאַנדעלט און האָבען וועגען איהר קיין איינגענעם געזעץ ניט געמאַכט, דאַרפען זיך פיהרען נאָך דיע־זען אַלגעמיינעם רול, אַז דער קוואָרום זאָל בעשטעהן פון אַ מאַיאָריטעט מעמבערם.

אין אַרבייטער אָרגאַניזאַציאָנען און ספּע־ציעל אין גרויסע אַרבייטער אָרגאַניזאַציאָנען, איז אָבער שווער צו קריגען אַ מאַיאָריטעט פון די מעמבערס צו יעדען מיטינג. פאַר אַרבייטער איז ניט אַזוי גרינג צו קומען צו די מיטינגען. דער קוואָרום אין דיעזע אָר־גאַניזאַציאָנען איז דאַרום געוועהנליך אַ פיעל קלענערער. ווי קליין, דאָס ווענדט זיך אָן די אַלגעמיינע גרויס פון דער אָרגאַניזאַציאָן און אָן די סאָרט אַרבייט וואָס די אָרגאַניזאַ־

ציאָן טהוט, און אָן די סאָרט מעמבערס וואָס
די אָרגאַניזאַציאָן האָט.

ווי געזאָגט, בּעשטימט יעדע אָרגאַניזאַציאָן
פאַר זיך וויפיעל מעמבערס עס זאָלען זיין
אין איהרע קוואָרומס. זי האָט דאָס רעכט
צו מאַכען די צאָהל אַזוי גרויס אָדער אַזוי
קליין, ווי זי וויל נאָר. פאַראַן אַזוינע אָרגאַ־
ניזאַציאָנען, ביי וועמען אַ קוואָרום בּעשטעהט
פון זיבּען מעמבערס. פאַראַן פערקעהרט
אַזוינע, וואָס פאָדערען פערציג אָדער פופציג
מעמבערס פאַר אַ קוואָרום. אויב די מעמבערס
זיינען קאַלטע און האָבּען קיין אינטערעס
ניט אין הער אָרגאַניזאַציאָן, מוז די צאָהל
פון קוואָרום זיין קליין. אויב ניט, וועט
דאָך אונמעגליך זיין ווען עס איז צו מיטען.
פערקעהרט, אויב די מעמבערס זיינען טריי
און איבּערגעבּען איז בּעסער צו מאַכען דעם
קוואָרום וואָס גרעסער, ווייל אין אַזאַ אָרגאַני־
זאַציאָן איז בּעסער אַ מיטינג אין גאַנצען צו
פערפעהלען איידער אַ קליינע צאָהל מעמבערס
זאָל אָפּטהאָן זאַכען וועלכע וועלען דערנאָך
פיליוכט די איבּעריגע מעמבערס ניט געפעלען
זיין.

# קאַפּיטאל 4.

## קאָנוועגשאָנס.

אַ קאָנוועגשאָן איז אייגענטליך דאָס זעל־בע ווי אַ מיטינג אָדער אַ סעריע פון מי־טינגען. דער אונטערשיעד איז דיעזער: אין אַ מיטינג בעטהייליגען זיך די פערטרעטער אָדער די דעלעגאַטען פון עטליכע קערפּער־שאַפטען, אָדער אָרגאַניזאַציאָנען. ווען איין ברענטש פון אַרבייטער רינג אָדער איין לאָקאַל פון אַ יוניאָן וויל זיך בעראַטען וועגען אַן אַנגעלעגענהייט, פערופט זי אַ מיטינג פון אַלע איהרע מעמבערס: ווען אַלע אַרבייטער־רינג ברענטשעס, אָדער אַלע לאָקאַלס פון אַ געוויסען טרייד ווילען זיך מיושב זיין וועגען געמיינשאַפטליכע אנגעלעגענהייטען, פער־רופען זיי אַ קאָנוועגשאָן.

עס איז נאַטירליך אונמעגליך איינצורופען ביי אַזאַ קאָנוועגשאָן אַלע מעמבערס פון אַלע אַרבייטער רינג ברענטשעס, אָדער אַלע מעמ־בערס פון אַלע לאָקאַל יוניאָנס. די צאָהל וואָלט געווען צו גרויס און עס וואָלט ניט מעגליך געווען צו פיהרען די פערהאַנדלונגען.

דאַרום ווערט די קאָנוועגשאָן געפיהרט דורך פערטרעטער. יעדער ברענטש אָדער יעדער לאָקאַל שיקט אַ געוויסע צאָהל פאָרשטעהער אָדער דעלעגאַטען, פראָפּאָרציאָנעל נאָך איהר גרויס נאָך — אַ גרעסערע ברענטש אָדער לאָקאַל שיקט מעהר דעלעגאַטען און אַ קלענערע וועניגער. דיעזע דעלעגאַטען זיינען ביי דער קאָנוועגשאָן פּונקט דאָס וואָס די איינצעלנע מעמבערס פון אירגענד וועלכע אָרגאַניזאַציאָן זיינען ביי אַ רעגעלען מיטינג פון דער אָרגאַניזאַציאָן.

## ווי אַזוי קאָנוועגשאָנס ווערען איינגערופען

יעדער אַלגעמיינער פערבאַנד האָט געוועהנליך אַ קאָנסטיטושאָן, אַזוי גוט ווי יעדע איינצעלנע אָרגאַניזאַציאָן. אין אַרבייטער רינג, צום ביישפּיעל, האָט דער גאַנצער אָרדען, אין וועלכען אַלע ברענטשעס זיינען פעראייניגט, אַ קאָנסטיטושאָן מיט אַן איגענע אָרגאַניזאַציאָן. דיעזע קאָנסטיטושאָן שרייבט פאָר ווי אָפט קאָנוועגשאָנס זאָלען שטאַטפינדען און ווי אַזוי די קאָנוועגשאָנס זאָלען איינגערופען ווערען. נאָך דיעזער קאָנסטיטושאָן נאָך מוז דער אַרבייטער רינג אָבהאַלטען אַ קאָנוועגשאָן יעדען יאָהר. די מעמבערס אָבער מוזען אַליין יעדען יאָהר ביי אַ רעפערנדום בעשטי־

מען וואָס פאַר אַ קאָנוועגשאָן דאָס זאָל זיין — אַ קליינע קאָנוועגשאָן צי אַ גרויסע קאָנווענ־שאָן.

## קרעדענשעלס.

יעדער דעלעגאַט, וואָס ווערט געשיקט צו אַ קאָנווענשאָן, מוז מיטנעהמען בעווייזע אַז ער איז ווירקליך געזעצליך ערוועהלט געוואָרען אַלס דער פאָרשטעהער פון דער אָרגאַני־זאַציאָן, וועלכע ער קומט פערטרעטען. דיע־זע בעווייזע רופט זיך אַ קרעדענשעל. זי בעשטעהט אין אַ שריפט פון דעם סעקרעטער פון דער אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע ערקלערט דעם פאַקט, דאָס יענער אין שריפט, האָט דאָס געזעצליכע רעכט צו פערטרעטען יענע און יענע אָרגאַניזאַציאָן ביי דער קאָנווענשאָן.

די ערשטע אַרבייט וואָס דאַרף געטהאָן ווערען ביי אַ קאָנווענשאָן איז צו זעהען אַז אַלע דעלעגאַטען זאָלען זיין כשר'ע, דאָס הייסט, דורכצוקוקען די אַלע קרעדענשאלס וואָס די דעלעגאַטען ברענגען. אין די קאָנ־סערוואַטיווע פערבאַנדען פיהרט זיך, דאָס די קאָמיטע, וועלכע קוקט דורך די קרעדענשעלס, אָדער ווי מען רופט איהר, די „קרעדענשאל קאָמיטע", ווערט אַפּאָינטעט פון דעם פּרע־זידענט פון דעם פערבאַנד נאָך איידער די

קאָנוועגשאָן פערזאַמעלט זיך. די דעלעגאַטען שיקען אַריין זייערע קרעדענשאלס צו דיעזער קאָמיטע גלייך ווי זיי קומען צו פאָהרען צו דער קאָנוועגשאָן. די קאָמיטע קוקט זיי דורך. די דעלעגאַטען, אין וועמעס קרעדענ־שאלס די קאָמיטע געפינט ניט קיין שום פסול, קריגען אַ „בעדזש" אָדער עפּעס אַן אַנדער סאָרט סימן, מיט וועלכען זיי קענען אַריין אין קאָנוועגשאָן־זאַאל גלייך ווי די קאָנוועגשאָן עפענט זיך. וועגען די אַנדע־רע קרעדענשאלס, די אויף וועלכע עס איז דאָ אירגענד וועלכער פּסול אָדער אירגענד וועל־כער ספסוק, איז זיך די קאָמיטע מיושב. זי הערט אויס די טענות פון די וואָס האָבען די קרעדענשאלס געבראַכט און די טענות פון די געגנער זייערע. און דאַן טראָגט זי אַריין אַ רעפּאָרט צו דער קאָנוועגשאָן צי מען דאַרף דיעזע דעלעגאַטען צולאָזען, צי ניט. די קאָנוועגשאָן, דאָס הייסט די דעלעגאַטען, וועגען וועמען עס איז קיין ספסוק ניטאָ, הערען אויס דעם רעפּאָרט, דעבאַטירען וועגען איהם און שטימען אַליין אָב, צי אָנצונעהמען דעם רעפּאָרט צי ניט. דאָס הייסט, צי מען דאַרף די קרעדענשאלס אָננעהמען פאַר כשר, צי ניט.

אָט אַזוי פיהרט זיך אין די אַלטע קאָנ־סערוואַטיווע פערבאַנדען. נאָך דיעזען מנהג נאָך האָט דער פּרעזידענט פון פערבאַנד, אָדער ווי מען רופט עס דאָרט די אַדמיניסטראַציאָן, אַן אונגעהייערע מאַכט. דאָס גיט איהם די מעגליכקייט אַריינצוכאַפּען אין זיינע הענד די גאַנצע קאָנווענשאָן אויף אַן אונעהרליכען אופן. ער קען אַפּאָינטען זיינע מענשען אין דער קרעדענשעל קאָמיטע און ער קען זיי הייסען פּסלנ׳ען און אַריינטראָגען וועגען דעם אַרעפּאָרט צו דער קאָנווענשאָן. אַזוי ווי די אַלע כשר׳ע דעלעגאַטען זיינען דאָך פון פריהער אויף דער זייט פון פּרעזידענט און די אַדמיניסטרישאָן וועלען זיי, נאַטירליך, אָננעהמען דעם רעפּאָרט פון דער קרעדענשעל קאָמיטע, און די געגנער פון דער אַדמיניס־טרישאָן וועלען אויסגעשלאָסען ווערען.

ביי די קאָנווענשאָנס פון די אַלטע פּאָלי־טישע פּאַרטייען פּאַסירען אַזוינע זאַכען ניט זעלטען. די בעריהמטע קאָנווענשאָן פון דער רעפּובליקאַנער פּאַרטיי פאַר פּרעזידענט נאָמי־ניישאָנס אין 1912, האָט דורך דער קרעדענ־שעל־קאָמיטע אויסגעשלאָסען אַ גרויסע צאָהל דעלעגאַטען, וועלכע זיינען געווען געגען טעפט׳ען און פאַר רוזוועלט׳ן. די רוזוועלט

דעלעגאַטען זיינען נאָך דער אַלגעמיינער מיי־נונג געוועזן די כשר׳ע. אָבער די אַלטע אַד־מיניסטריישאָן פון דער פּאַרטיי, וועלכע האָט די קאָנווענשאָן פּעררופען, און וועלכע האָט אַפּאָינטעט די קרעדענשעל־קאָמיטע, האָט גע־האַלטען מיט טעפּט׳ען. אַלזאָ, האָט זי אַפּאָינ־טעט אַזאַ קרעדענשעל־קאָמיטע, וועלכע האָט גע׳פּסל׳ט די רוזוועלט־דעלעגאַטען און גע־כשר׳ט די טעפּט־דעלעגאַטען.

ביי די ראַדיקאַלערע פּערבאַנדען פיהרט זיך דאַרום אַנדערש. יעדער איינער, וואָס קומט מיט אַ קרעדענשאל, האָט אַ רעכט זיך צו בעטהייליגען אין דער ערשטער זיצונג פון דער קאָנווענשאָן. די זיצונג איז בלויז אַ „טעמפּאָראַרי“, אַ הקדמה־זיצונג. זי פּער־האַנדעלט ניט קיין ביזנעס. די ערשטע זאַך וואָס זי טהוט, איז צו עלעקטען אַ קרעדענ־שאל קאָמיטע. דיזע קאָמיטע ציהט זיך גלייך צוריק פון דער זיצונג און קוקט דורך די קרעדענשאלס, אַזוי שנעל ווי מעגליך. ערשט נאָכדעם ווי די קאָמיטע גיט אָב איהר רע־פּאָרט, און די אַלע דעלעגאַטען שטימען אָב וועמען צוצולאָזען און וועמען ניט, נעהמט זיך די קאָנוועשאָן צו די ריכטיגע ביזנעס.

פאָלקאָם איז דיעזער סיסטעם אויך ניט.

אָבער ער איז אין וויכטיגע הינזיכטען בעסער ווי דער אַנדער סיסטעם. ערשטענס, ווערט די קרעדענשאל־קאָמיטע ניט אַפּאָינטעט פון איין פּערזאָן, נאָך פון אַן אינטערעסירטער פּערזאָן, נאָר זי ווערט ערוועהלט פון אַלעמען, פון אַלע דעלעגאַטען. צווייטענס, קען זי קיינמאָל ניט פּערכאַפּט ווערען פון אָנפאַנג פון אַ צאָהל דעלעגאַטען וואָס זיינען מיט דער אָדער יענער אַדמינסטריישאָן. די געפּסל'טע דעלעגאַטען, אָדער די וועגען וועמען עס איז דאָ אַ ספק, האָבען אין אָנפאַנג די געלעגנהייט צו זיין אויפ'ן פלאָאר פון דער קאָנווענשאָן און האָבען דאָס וואָרט.

אַ חסרון איז דאָ אין דיזען סיסטעם, וואָס עס'קומט אויס, אַז דעלעגאַטען שטימען אַליין צי זיי זיינען כשר צי ניט. די דעלעגאַטען וועגען וועמעס כשרות מען איז אין ספק, בעטהייליגען זיך אין די ערוועהלונג פון דער קרעדענשאל־קאָמיטע, וואָס דאַרף זיין זייערע ריכטער, און זיי בעטהייליגען זיך אין שטימען, צי מען זאָל אָננעהמען דעם רעפּאָרט פון דער קרעדענשאל־קאָמיטע וועגען זייער כשרות, צי ניט. מיט אַנדערע ווערטער, מען גיט זיי דאָס רעכט

צו זיין ביז אַ געוויסען גראַד זייערע אייגענע ריכטער.

ביי די אַרביוטער רינג־קאָנווענשאָנס איז אָנגענומען דער צווייטער סיסטעם, דער ראַדי־קאַלערער, דאָס הייסט, דער סיסטעם, אַז די קרעדענשאל־קאָמיטע ווערט ערוועהלט ביי דער ערשטער, אָדער בעסער געזאָגט ביי דער פאָר־ערשטער, ביי דער „הקדמה־זיצונג“ פון דער קאָנווענשאָן, און אין דיעזער זיצונג בעטהיי־ליגען זיך אַלע וואָס קומען אַלס דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן, אַלע וואָס האָבען נאָר קרעדענשאלס, צי זיי זיינען כשר'ע, צי זיי זיינען אונטער פערדאַכט.

## די „טעמפּאָראַרי“ זיצונג פון דער קאָנווענשאָן.

דער טשערמאַן פון דער עקזעקוטיוו קאָמי־טע פון פערבאַנד, אָדער איינער וועלכער רופט געוועהנליך איין די קאָנווענשאָן, עפענט אויף די קאָנווענשאָן. ער האַלט אַ קורצע רעדע, אין וועלכער ער ערקלערט די צוועקען פון דער קאָנווענשאָן, דאַן הייסט ער נאָמינירען און ערוועהלען אַ „טעמפּאָראַרי טשערמאַן“. דאָס ווערט געטהאָן אויף דעם געוועהנליכען אופן, ווי ביי אַ געוועהנליכען מיטינג. דער

ערוועהלטער „טעמפּאָראַרי טשערמאַן“ פערנעהמט דעם פּלאַץ פון דעם טשערמאַן פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע. אַ טעמפּאָראַרי סעקרעטער ווערט ערוועהלט, און דאַן אַ קרעדענשעל־קאָמיטע.

ווי עס איז שוין אויבען אָנגעוויזען געוואָרען, ווערט ביי דיעזער טעמפּאָראַרי זיצונג קיינע ביזנעס ניט פערהאַנדעלט. מען מוז וואַרטען ביז די קרעדענשאל־קאָמיטע וועט אָבגעבען איהר רעפּאָרט. מיט וואָס פערברענגט מען די צייט פון דיעזער זיצונג?

געוועהנליך פיהרט זיך, אַז דער טעמפּאָראַרי טשערמאַן האַלט אַ רעדע וועגען דעם פערבאַנד אין אַלגעמיין און וועגען די וויכטיגע פראַגען וואָס די קאָנווענשאָן וועט דאַרפען פערהאַנדלען. אויב עס איז נאָך דאָ צייט ווערען געהאַלטען בעגריסונגס־רעדען פון געסט און פון פּראָמינענטע דעלעגאַטען. אַמאָל איז ניטאָ ווער עס זאָל רעדען, שליסט דער טשערמאַן די זיצונג און די דעלעגאַטען רוהען ביז וואַנען די קרעדענשעל קאָמיטע איז פאַרטיג מיט איהר רעפּאָרט.

ווען די קרעדענשעל קאָמיטע ברענגט אַריין דעם רעפּאָרט און די דעלעגאַטען שטימען אָב וועגען איהם, בלייבען אין זאַך

בהויז יענע דעלעגאַטען, וועלכע זיינען ער־
קלערט געוואָרען אַלס כשר. די איבעריגע,
די גע'פסל'טע, מוזען דעם זאַאל פערלאָזען.
איצטער, אַלזאָ, אַז מען וויים שוין בעשטימט
ווער עס זיינען די דעלעגאַטען, קען מען זיך
שוין נעהמען צו פערהאַנדלונגען. דער ערש־
טער פונקט אויף דער טאַגעס־אָרדענונג איז
אַזוי ווי ביי אַלע געוועהנליכע מיטינגען —
נאָמינײשאָן און עלעקשאָן פאַר טשערמאַן.

דער „טעמפּאָראַרי טשערמאַן", וועלכער
זיצט נאָך אין טשער, הייסט די דעלעגאַטען
מאַכען נאָמינײשאָנס פאַר אַ פּוירמאַנענט
טשערמאַן, און דער טעמפּאָראַרי סעקרעטער
פערשרייבט די נעמען. דאַן וואוט מען. און
אַזוי שנעל ווי דער פּוירמאַנענט טשערמאַן
ווערט ערוועהלט, פאַרנעהמט ער דעם פּלאַץ פון
דעם טעמפּאָראַרי טשערמאַן, ער הייסט דאַן
מאַכען נאָמינײשאָנס פאַר אַ פּוירמאַנענט
סעקרעטער.

דאָ איז וויכטיג צו בעמערקען, דאָס ביי
די גרויסע קאָנווענשאָנס פיהרט זיך, דאָס
מען ערוועהלט ניט איין סעקרעטער אַרונ־
טערצושרייבען דעם פּראָטאָקאָל, נאָר אַ סעק־
רעטאַריאַט, דאָס הייסט צוויי אָדער דריי

און מעהר סעקרעטערע, און זיי בלייבען שוין די סעקרעטערען די גאַנצע צייט וואָס די קאָנווענשאָן האַלט אָן. טשערלייטע ערוועהלט מען אַן אַנדערען פאַר יעדער זיצונג. אָבער סעקרעטערע ניט.

די אורזאַכע איז אַן איינפאַכע. ביי אַ קאָנווענשאָן איז די אַרבייט פון סעקרעטער פון דער גרעסטער וויכטיגקייט. ער פערשרייבט דאָך אַלע פערהאַנדלונגען און אויב ער מאַכט אַ מיסטייק איז דאָך די גאַנצע אַרבייט פון דער קאָנווענשאָן אַרויסגעוואָרפען. עס איז דאַרום וויכטיג צו האָבען אַ פּאָאר גוטע מענשען, זיי זאָלען זיך קענען איינע די אַנדערע אַרויסהעלפען ווען זיי ווערען מיעד און זיי זאָלען אויך קענען קאָרעגירען איינער דעם אַנדערענס מיסטייקס.

ביי מאַנכע קאָנסערוואַטיווע אָרגאַניזאַציאָנען פיהרט זיך אויך, דאָס דער פּרעזידענט פון דער אָרגאַניזאַציאָן איז דער שטענדיגער טשערמאַן ביי אַלע זיצונגען, און דער סעקרעטער פון דער אָרגאַניזאַציאָן איז דער שטענדיגער סעקרעטער ביי אַלע זיצונגען. ווען דער פּרעזידענט ווערט אַמאָל מיעד צו פיהרען דעם טשער בעט ער אימיצען, געוועהנליך איינעם פון די הויכע בעאַמטע, אָדער אַ פּראָ־

מינוטען דעלעגאַט, ער זאָל פערנעהמען זיין פּלאַץ ביי אַ זיצונג אָדער ביי אַ טהייל פון אַ זיצונג.

אין אַ פאָריגען קאַפּיטעל האָבען מיר געזעהען, דאָס דיעזער סיסטעם הערשט אויך אין פיעלע אָרגאַניזאַציאָנען ביי די רעגעלע מיטינגען. זיי האָבען אַ פּרעזידענט, וועלכער דיענט אַלס שטענדיגער טשערמאַן. אין די ראַדיקאַלערע אָרגאַניזאַציאָנען איז עס איינגעפיהרט, דאָס מען ערוועהלט אַ טשערמאַן פאַר יעדען מיטינג בעזונדער, און דאָס זעלבע ווערט געטהאָן ביי קאָנווענשאָנס, אַז מען ערוועהלט אַ טשערמאַן פאַר יעדער זיצונג בעזונדער.

## קאָמיטעס.

די אַרבייט פון דער קאָנווענשאָן ווערט געטהאָן הויפּטזעכליך דורך קאָמיטעס. אין די קאָנסערוואַטיווע אָרגאַניזאַציאָנען פיהרט מען זיך אין דיזער הינזיכט אונגעפעהר אויפ'ן זעלבען שטייגער ווי אין דעם קאָנגרעס. דער פּרעזידענט פון דער אָרגאַניזאַציאָן, וועלכער איז אויך דער טשערמאַן פון דער קאָנווענשאָן, אַפּאָינטעט די פערשיעדענע קאָמיטעס, און אַפּאָינטעט אויך די טשערלייטע פון יעדער קאָמיטע. אין די ראַדיקאַלערע

אָרגאַניזאַציאָנען, װעלכע האָבען אײגענטליך ניט קײן „פּרעזידענט“ און אױך ניט קײן שטענדיגען טשערמאַן, װערען די קאָמיטעס אַפּאָינטעט פון די דעלעגאַטען גופא. געטהאָן װערט עס אױפ׳ן פאָלגענדען אופן:

## די „דיסטריביושאָן קאָמיטע“.

בײ דער ערשטער זיצונג װערען געמאַכט נאָמינײשאָנס און עלעקשאָנס פאַר אַ „דיסדריביושאָן קאָמיטע“ — דאָס הײסט, אַ קאָמיטע װעמעס אױפגאַבע עס איז אײנצוטהײלען אַלע דעלעגאַטען פון דער קאָנװענשאָן און קאָמיטעס. דיעזע „דיסטריביושאָן קאָמיטע“ בעשטעהט געװעהנליך פון אַזױנע דעלעגאַטען, װעלכע זײנען גוט בעקאַנט מיט די אַנגעלעגענהײטען פון דער אָרגאַניזאַציאָן, מיט די אַרבײט װאָס ליעגט פאָר פאַר דער קאָנװענשאָן און מיט די פּערזאָנען װאָס דיענען אַלס דעלעגאַטען בײ דער קאָנװענשאָן.

די „דיסטריביושאָן קאָמיטע“ האַלט אָב אַ מיטינג און בעשליסט װיפיעל קאָמיטעס עס זאָלען זײן, װאָס יעדע קאָמיטע זאָל טהאָן און װעלכע דעלעגאַטען זאָלען דיענען אױף יעדע פון די קאָמיטעס. דאַן שרײבט זי אַרײן איהר רעפּאָרט װעגען דעם צו דער קאָנװענשאָן

און אַלע דעלעגאַטען וואָוטען צי מען זאָל דעם רעפּאָרט אָננעהמען צי ניט. עס קומט אויס, אלזאָ, דאָס אינדירעקט ווערען די קאָמיטעס ערוועהלט פון דער גאַנצער דעלעגיישאָן פון דער קאָנווענשאָן.

עס איז לייכט צו פערשטעהן, ווארום מען בענוצט זיך מיט דיעזען סיסטעם אויסצוקלייבען די אַלע פערשיעדענע קאָמיטעס. ווען מען זאָל די קאָמיטעס אויסקלייבען דירעקט ביי די מיטינגען, הייסט, מען זאָל יעדע קאָמיטע פריהער נאָמינירען און דערנאָך ערוועהלען אינציגווייז, וואָלט עס פערנומען זעהר פיעל צייט. ביי אַ קאָנווענשאָן איז יעדע מינוט טהייער. דער סיסטעם פון איבערגעבען די ארבייט צו אַ דיסטריביושאָן קאָמיטע איז אַ מין פּשרה צווישען דעם עכט דעמאָקראַטישען וועג פון ערוועהלען די קאָמיטעס דירעקט און דעם קאָנסערוואַטיווען סיסטעם פון ערלויבען אַז דער טשערמאַן זאָל אַליין אַלע קאָמיטעס אַפּאָינטען.

געוועהנליך פּאַסירט עס, אַז דער רעפּאָרט פון דער דיסטריביושאָן קאָמיטע, וועגען זיין איינטהיילונג פון די קאָמיטעס, ווערט פון דער קאָנווענשאָן גלייך אָנגענומען. נאַטיר־ליך, אויב אַ דעלעגאַט האָט עפּעס אויסצוזע־

צען, אויב איהם געפעלט ניט ווי אַזוי אַ גע־
וויסע קאָמיטע איז צוזאַמענגעשטעלט, אָדער
ער דענקט אַז אַ געוויסע קאָמיטע דאַרף האָבען
מעהר מעמבערס אָדער ווייניגער מעמבערס, קען
ער אויפהויבען דעם פּונקט נאָכדעם ווי דער
רעפּאָרט פון דער דיסטריביושאָן קאָמיטע
ווערט אָבגעגעבען, און די גאַנצע קאָנווענשאָן
דעבאַטירט דעם פּונקט און וואוט איבער איהם.

## ווי אַזוי די קאָמיטעס טהוען זייער ארבייט

יעדע קאָמיטע האָט איהר ארבייט, איהרע
אויפגאַבען. נעהמט, צום בייעשפּיעל, די „קאָ־
מיטע איבער די רעפּאָרטס פון די עקזעקוטיוו
בעאַמטע", די אויפגאַבע פון דיעזער קאָמיטע
איז פאָרזיכטיג אויסצושטודירן יעדען פּונקט
אין די רעפּאָרטס וואָס ווערען אָבגעגעבען פון
די הויפּט־בעאַמטע פון דער אָרגאַניזאַציאָן וועגען זייער אַרבייט אין דעם פערגאַנגענעם טער־
מין ; צו בעשטימען וועלכע פּונקטען אין די
רעפּאָרטס פערדיענען געלויבט צו ווערען און
וועלכע עס פערדיענען קריטיקירט צו ווערען.
זי דאַרף אויך בעטראַכטען די רעקאָמענדיישאָנס
וואָס דיעזע רעפּאָרטס ענטהאַלטען (געוועהנ־
ליך ברענגען עקזעקוטיוו בעאמטע אריין גע־
וויסע רעקאָמענדיישאָנס און אויפפאָדערונגען)
און בעשטימען צו דיעזע רעקאָמענדיישאָנס

זיינען ווערטה אָנגענומען צו ווערען צי ניט.

די זיצונגען, וואָס די קאָמיטע האלט אָב, טראָגען דעם כאַראַקטער פון קליינע מיטינגען. די קאָמיטע טאָר ניט מיטען סיידען עס זיינען אנוועזענד וועניגסטענס אַ מאַיאָריטעט פון די קאָמיטע ליוט. זיי ערוועהלען אַליין אַ טשער־מאַן, און אויב זיי ווילען אַ סעקרעטער אויך, און זיי פערהאַנדלען די פערשיעדענע פראַ־גען און קומען צו פערשיעדענע שליסע.

די קאָמיטע איז ניט מחויב צוצולאָזען אויטסיידיגע דעלעגאַטען צו איהרע מיטינגען. זי קען האַלטען איהרע מיטינגען שטרענג אין געהיים. סיידען די קאָנווענשאָן בעפעהלט איהר אז זי זאָל יאָ אַריינלאָזען קאָנווענשאָן־דעלעגאַטען.

קיין בעשלוס קען די קאָמיטע ניט מאַכען סיידען אַ מאַיאָריטעט פון דער גאנצער קאָמי־טע שטימט דאַפיר. ווען, צום ביישפיעל, די קאָמיטע בעשטעהט פון צעהן מענשען און צו אַ געוויסע זיצונג איהרע קומען בלויז זיע־בען, דאַן קען א מאיאריטעט פון דיעזע זיע־בען, דאָס הייסט, פיער מעמבערס קיין בע־שלוס ניט אָננעהמען. פאַר'ן בעשלוס מוזען וואוטען וועניגסטענס זעקס מעמבערס, אַ מאַ־

יאָריטעט פון דער גאַנצער קאָמיטע.

מען מוז אין זינען האָבען, דאָס די קאָ־מיטע האָט ניט קיין אייגענע מאכט. זי קריגט איהר מאַכט פון דער קאָנווענשאָן. דאָס איז אַ זעהר וויכטיגער פונקט. אויב ביי אַ קאָמיטע־זיצונג קומט פאָר אַ טראָבעל. צום ביישפּיעל, איין מעמבער בעליידיגט אַ צווייטען, אָדער אַ מעמבער מאַכט שטערונגען, האָט די קאָמיטע קיין רעכט ניט איהם צו בעשטראָפען אָדער איהם פון דער קאָמיטע אויסצושליסען. זי קען בלויז די זאַך פאָרלעגען פאַר דער גאַנצער קאָנווענשאָן און די גאַנצע קאָנווענשאָן דאַרף בעשטימען וואָס צו טהאָן.

די קאָמיטע האָט אויך קיין רעכט ניט צו אַפּאָינטען פון זיך סאָב־קאָמיטעס און איהר בעפאָלמעכטיגען צו טהון געוויסע אר־ביים און רעפּאָרטען וועגען דעם צו דער קאָנ־ווענשאָן. זי קען אַפּאָינטען פון זיך אַ סאָב־קאָמיטע, וועלכע זאָל רעפּאָרטען צו איהר, צו דער גאַנצער קאָמיטע, און די גאַנצע קאָמיטע קען דאַן דעם רעפּאָרט פון דער סאָב־קאָמיטע אָננעהמען אַלס אַ טהייל פון איהר אייגענער אַרבייט. די קאָנווענשאָן רעכענט זיך דאַן מיט דער גאַנצער קאָמיטע. זי האָט מיט דער סאָב־קאָמיטע גאָר ניט צו טהאָן.

די קאָנווענשאָן האָט אויך גאָר ניט צו טהאָן מיט דעם פּראָטאָקאָל וואָס די קאָמיטע כיהרט פון איהרע פערהאַנדלונגען. די קאָנ־ווענשאָן איז איבערהויפּט אבסאָלוט גאָר ניט אינטערעסירט אין דעם וואָס אין דער קאָמיטע קומט פאָר. זי וויל נאָר וויסען איין זאך — די בעשליסע וואָס די קאָמיטע האָט געמאַכט. זי איז פּעראינטערעסירט בלויז אין דעם רע־פּאָרט וואָס די קאָמיטע שרייבט אריין אויף דעם פלאָאָר פון דער קאָנווענשאָן.

## די קאָמיטע רעפּאָרטס.

דער רעפּאָרט פון דער קאָמיטע ווערט גע־וועהנליך אָבגעגעבען דורך דעם טשערמאַן פון דער קאָמיטע. אָבער קיין געזעץ וועגען דעם איז ניטאָ. די קאָמיטע קען בעשליסען, אַז אַן אַנדער מיטגליעד איהרער זאָל דעם רעפּאָרט אַריינטראָגען.

ווען די קאָמיטע איז פאַרטיג מיט איהר אַרבייט און מיט איהר רעפּאָרט, הויבט זיך איהר טשערמאַן אויף און ערקלערט, אז ער וויל אָבגעבען דעם רעפּאָרט. אויב אימיצער פון די דעלעגאַטען איז געגען דעם ווערט די פראַגע געגעבען גלייך צו אבשטימונג. קיינע דעבאַטען קענען וועגען דעם ניט זיין. עס איז אויך ניט נויטיג, אז אימיצער זאָל וועגען דעם

מאַכען אַ פאָרשלאג. דער טשערמאן טאָר ניט רעפּאָרטען סיידען די קאָמיטע גיט איהם דאָס רעכט דאָס צו טהאָן.

רעפּאָרטס פון קאָמיטעס דאַרפען ניט זיין דוקא געשריבען. אויב ער איז יאָ געשריבען דאַרף ער ניט זיין דוקא גע'חתמ'עט. נאָר אויב מען חתמ'עט איהם יאָ, איז דער וואָס שרייבט דעם רעפּאָרט דער התמ'עט זיך דער ערשטער; די איבריגע קאָמיטע־לייט חתמ'ענען נאָך איהם.

דער רעפּאָרט טאָר ניט ענטהאַלטען קיין אַנדערע זאַכען ווי די פאַר וועלכע די קאָמיטע איז אַפּאָינטעט געוואָרען. ווען, צום בייּשפּיעל, די אויפגאַבע פון דער קאָמיטע איז פעסטצושטעלען געוויסע פאקטען, דאַרף זי רעפּאָרטען וועגען די פאַקטען. קיינע רעקאָמענדיישאָנס טאָר זי אין איהר רעפּאָרט ניט מאַכען, ווייל דאַרויף האָט מען איהר ניט אַפּאָינטעט. אויב זי איז, פערקעהרט, אַפּאָינטעט געוואָרען צו מאַכען געוויסע רעקאָמענדיישאָנס, טאָר זי אין רעפּאָרט ניט דערמאָהנען קיין וואָרט וועגען די ריכטיגקייט אָדער פאַלשקייט פון געוויסע פאַקטען וואָס זיינען מיט דער אנגעלעגענהייטען פערבונדען.

אום דיעזען פּונקט קלאָרער צו מאַכען,

ווערען מיר נעהמען אַ קאָנקרעטען פאַל. ביי
אַ קאָנוועגשאָן פון אַרבייטער רינג זיינען
אַריינגעטראָגען געוואָרען געוויסע קלאַגען געג־
גען די מענעדזשמענט פון סאַניטאַריום. אַ קאָ־
מיטע ווערט אַפּאָינטעט דיעזע קלאַגען אויס־
צופאָרשען. אין דעם רעפּאָרט וואָס דיעזע קאָ־
מיטע גיט אָב טאָר זי ניט געבען קיין פּלענער
ווי אַזוי צו ענדערען די מענעדזשמענט אום
עס זאָל ניט מעגליך זיין, אַז אַזוינע קלאַגעס
זאָלען אַ צווייטען מאָל געמאַכט ווערען. זי
טאָר אויך ניט פאָרלעזען אַ רעקמענדיישאָן ווי
אַזוי די מענעדזשמענט צו בעשטראָפען פאַר
איהר פערברעכען, אויב זי געפינט אַז די
קלאַגע זיינען ריכטיג. דאָס איז ניט איהר
ביזנעס. זי איז אַפּאָינטעט געוואָרען בלויז
אויף אויסצוגעפינען צי די קלאַגעס זיינען
ריכטיג צי ניט און וועגען דעם בלויז דאַרף
זי רעפּאָרטען.

## „מאַדזשאָריטי“ און „מינאָריטי“ רעפּאָרטס

אויב די קאָמיטע קען זיך ניט איינוגען
אויף איהרע שליסע, דאַן קען אַריינגעבראכט
ווערען צוויי רעפּאָרטס — אַ „מאַדזשאָריטי“
רעפּאָרט און „מינאָריטי“ רעפּאָרט. ביידע
ווערען פאָרגעלעזען פאַר דער קאָנוועגשאָן.
פריהער, נאַטירליך, דער רעפּאָרט, אויף וועלכען

די גרעסטע צאָהל מעמבער זיינען אונטערגע־שריבען און דאן דעם, אויף וועלכען די קלע־נערע צאָהל איז אונטערגעשריבען.

די קאָנווענשאָן קען דאָך ביידע רעפּאָרטס ניט פערהאַנדלען. פערהאַנדעלט זי בלויז דעם „מאַדזשאָריטי" רעפּאָרט; דער „מינאָריטי" רעפּאָרט ווערען אין גאַנצען פערשוויגען. אזוי פיהרט זיך עס אין געוועהנליכע פעלע. ווען אָבער עס פאַלט אַ פּאָרשלאג, אַז די קאָנווענשאָן זאָל האַנדלען פערקעהרט, דאָס הייסט, פערוואר־פען דעם מאַדזשאָריטי רעפּאָרט און נעהמען צו פערהאַנדלונג דעם „מינאָריטי" רעפּאָרט, ווערט די פראַגע איבערגעגעבען צו אַבשטימונג, און אויב דער פּאָרשלאג געהט דורך, דאַן ווערט דער מאַדזשאָריטי רעפּאָרט פערוואָרפען, און די קאָנווענשאָן בעטראַכט דעם מינאָריטי רע־פּאָרט אלס דעם ריכטיגען קאָמיטע־רעפּאָרט.

אמאָל פּאַסירט, אַז די קאָמיטע איז אזוי צוטהיילט אין איהרע מיינונגען, דאָס עס ווע־רען אָבגעגעבען עטליכע רעפּאָרטס, און קיינער פון דיעזע איז ניט אונטערגעשריבען פון קיין מאַיאָריטעט פון דער קאָמיטע. אין אַזאַ פאַל נעהמט מען אָן דעם רעפּאָרט מיט די גרעסטע צאָהל אונטערשריפטען אַלס „מאַדזשאָריטי רע־פּאָרט".

## ווי אַזוי די קאָנווענשאָן האַנדעלט מיט קאָמיטע רעפּאָרטס.

ניט אין אַלע פעלע ווערן קאָמיטע רעפּאָרטס פערהאַנדעלט אויפ'ן זעלבען אופן. עס ווענדט זיך וואָס דער רעפּאָרט איז, וועגען וואָס דער רעפּאָרט איז.

אויב דער רעפּאָרט ענטהאַלט ניט קיינע רעקאָמענדיישאָנס, דאַן איז די פערהאנדלונג זעהר אן איינפאַכע. גלייך ווי דער קאָמיטע־טשערמאַן ענדיגט פאָרלעזען דעם רעפּאָרט, זאָגט דער טשערמאן פון קאָנווענשאָן: „דער רע־פּאָרט וועט אָנגענומען ווערען אויב קיינער האָט ניט וואָס אויסצוזעצען". נאַטירליך, אויב איינוצער האָט יאָ וואָס אויסצוזעצן, און ער נעהמט דאָס וואָרט, ווערט די פראַגע ווייטער פערהאַנדעלט.

לאָמיר נעהמען אַ ביישפּיעל. די קאָמיטע איז אַפּאָינטעט געוואָרען אויסצופאָרשען אַ געוויסע פראגע. זי גיט אָב איהר רעפּאָרט, אַז די פאַקטען זיינען געווען אַזוי און אזוי. אויב קיינער האָט ניט וואָס אויסצוזעצען, זאָגט דער טשערמאן, אז דער רעפּאָרט איז אָנ־גענומען. ווען אָבער איינוצער נעהמט דאָס וואָרט און ערקלערט דאָס דער רעפּאָרט שטעלט איהם ניט צופריעדען, קען ער מאַכען איינעם

פון צוויי פאָרשלעגע : אָדער אַז דער רעפּאָרט
זאָל אין גאַנצען צוריקגעוויזען ווערען, אָדער
אַז די קאָמיטע זאָל אין דעם רעפּאָרט ענדער
געוויסע ווערטער, מאַכען געוויסע ענדערונגען

אויב דער פאָרשלאַג האָט צוריקגעוויזע
דעם רעפּאָרט, שטימט די קאָנווענשאָן יאָ אָדער
ניין. און ווי די מאַיאָריטעט שטימט אזוי
בלייבט עס.

אויב אָבער דער פאָרשלאַג איז צו מאַכע
געוויסע ענדערונגען אין דעם רעפּאָרט, דאַ
איז דאָס ניט אין די הענד פון דער קאָנווענ
שאָן. די קאָנווענשאָן קען ניט צווינגען ווי
אַזוי איהר רעפּאָרט צו שרייבען. די קאָנווענ
שאָן האָט קיין רעכט ניט צו מאַכען די מינ
דעסטע ענדערונג אין אַ קאָמיטע רעפּאָרט. ז
קען בלויז רעקאָמענדירען צו דער קאָמיטע ז
זאָל די ענדערונג מאַכען, און אויב די קאָמי
טע וויליגט איין קען זי, די קאָמיטע אַליי
דאָס טהאָן. קוים אָבער וויליגט די קאָמיט
ניט איין, מוז דער רעפּאָרט בלייבען ווי ד
קאָמיטע האָט איהם געשריבען. די קאָנווענ
שאָן האָט נאַטירליך דאַן די פולע מאַכט איה
צוריקצואוויזען, אויב זי וויל. דער הויפּ
פּונקט צו געדענקען דאָ איז, דאָס די קאָ

וועגשאָן קען ניט אַרויפצווינגען איהר מיינונג און איהר ווילען אויף דער קאָמיטע.

אויב דער רעפּאָרט פון דער קאָמיטע בע־שטעהט בלויז פון אַ רעקאָמענדיישאָן פון אַ פאָרשלאַג אָדער אַ רעזאָלוציאָן, דאַן וואָט די קאָנוועגשאָן צי דער רעפּאָרט זאָל אָנגענומען ווערען צי ניט. אויב דער רעפּאָרט ווערט אָנ־גענומען, הייסט עס אַז די רעקאָמענדיישאָן אָדער די רעזאָלוציאָן אָדער דער פאָרשלאַג איז אָנגענומען.

אַמאָל אָבער פּאַסירט, אַז אַ רעפּאָרט בע־שטעהט בלויז פון א רעקאָמענדיישאָן פון א ריכט וועגען פאַקטען אָדער וועגען אן אויס־פאָרשונג און, צווייטענס, אַ רעקאָמענדיישאָן אָדער אַ רעזאָלוציאָן. דאָס הייסט, אמאָל ווערט די קאָמיטע בעאויפטראַגט די צוויי זאַכען אַריינצושרייבען אין איהר רעפּאָרט.

אין אַזא פאַל שטימט די קאָנוועגשאָן פּרוי־ער וועגען דעם רעפּאָרט אין אַלגעמיין. אויב ער ווערט אָנגענומען געהט מען איבער צום רעקאָמענדיישאָן אָדער רעזאָלוציאָן, און מען בערהאַנדעלט איהם אַלס אַ בעזונדערע זאַך.

## ווי אַזוי די בערהאַנדלונג געהט צו.

ווען דער טשערמאַן פון דער קאָמיטע ענ־דיגט פאָרלעזען זיין רעפּאָרט זעצט ער זיך

אַנידער. רעדען וועגען דעם רעפּאָרט טאָר ער ניט. נאָכדעם ווי דער טשערמאן פון דער קאָמיטע זעצט זיך און אימיצער מאַכט אַ פאָרשלאג צי מען זאָל דעם רעפּאָרט אָננעהמען צי ניט, קען דער קאָמיטע־טשערמאן בעטען דאָס וואָרט און רעדען וועגען דעם רע־פּאָרט.

אין דיעזען פאַל טאָר דער טשערמאן ניט רעדען וועגען דעם פאָרשלאג פון אָננעהמען דעם רעפּאָרט אָדער ניט אָננעהמען דעם רע־פּאָרט. ער מעג רעדען בלויז וועגען דעם רע־פּאָרט גופא. ער מוז ערקלערען געוויסע פּונקטען אין דעם רעפּאָרט, זיי קלאָרער מאַכען און אָנגעבען די אורזאַכען ווארום די קאָמיטע האָט זיי אָנגענומען.

עס איז ניט נויטיג פאַר די קאָנווענשאָן־דעלעגאטען צו מאכען איינעם פון די צוויי דערמאָנטע פאָרשלעגע וועגען אַ רעפּאָרט — אַז מען זאָל איהם ענטוועדער אָננעהמען אָדער צוריקוויזען. זיי קענען מאַכען גאָר אַנדערע פאָרשלעגע. זיי קענען פאָרלעגען, אַז מען זאָל דעם רעפּאָרט צוריקשיקען צו דער קאָמיטע זי זאָל איהם נאָכאַמאָל בעטראכטען, אָדער זיי קע־נען פאָרשלאָגען אַז די גאַנצע אנגעלעגענהייט זאָל איבערגעגעבען ווערען צו א נייער קאָ־מיטע.

